ב. מאָזער

# בעני

(קינדער־ראָמאַן)

ערשטער טייל

פאַרלאַג
אומפּאַרטייאישע אידישע אַרבעטער קינדער־שולן
ניו יאָרק
1930

# אינהאַלט

פון זעלבן אויטאָר זיינען
דערשינען ביז איצט:

**איינער א מענטש** — א באנד נאָוועלן.

**דער באַל טשואווע** — דערציילונג.

**אַן איבערזעצונג פון אַנדערסאָנס מייסעלאך**

# אַ טייבעלע שטאַרבט

קאַפּיטל איינס

בעני און זיין כאַווער דזשייקי זיינען געשטאַנען מיט פאַרריסענע קעפּ און געקוקט אין דער הויך. אין די קעשענעס האָבן זיי געהאַט אָנגעגרייט קערנדלאַך און שטיקלאַך ברויט. גלייך פון שול, זיינען זיי אַרויפגעלאָפן אַפן דאַך. בעני האָט גערעדט:

— וועסט זען, דזשייקי, וואָס פאַר אַ ניי פּאָרל איך האָב געקויפט ביים איטאַליענער אַף דער נאָרפאָלק גאַס. ער זאָגט, אַז דאָס זיינען די שענסטע צוויי טייבעלאַך. אָך, זיינען דאָס אַזעלכע ווייסינקע! ווי זילבער. איך וועל זיי טאָקע רופן די „זילבערנע טויבן". אַ יאָ אַ שיינער נאָמען?

דזשייקי איז געשטאַנען אַ פאַרטראַכטער. דערנאָך האָט ער שטיל אָפּגעענטפערט:

— און וואָס וועט זיין, טאָמער האָבן זיי פאַרבלאָנדזשעט? זיי זיינען דאָך היינט צום ערשטן מאָל אַרויסגעפלויגן!

בעני האָט זיך נישט פאַרלוירן:

— נו, — האָט ער ווייטער גערעדט, — ווייס איך דען ניט וואָס צו טאָן? איינמאָל האָבן ביי מיר שוין פאַרבלאָנדזשעט אַ פּאָר. ווייסטו וואָס איך האָב געטאָן? איך האָב אַרומגעוויקעלט אַ שטעקן מיט אַ שמאַטע. די שמאַטע האָב איך באַגאָסן מיט געזאַלין און אָנגעצונדן. דערנאָך האָב איך געדרייט און געדרייט דעם שטעקן אין דער לופטן. און דו

זאָלסט געווען זען, ווי זיי זיינען אינמיטן נאַכט געקומען צו־פליען. גלייך אין דער האַנט אַריין.

— אַליין געקומען ?

— יאָ, אַליין געקומען.

אַרום און אַרום איז געווען זון־שיין, דער הימל בלוי. און די הויכע בריקן האָבן פון וויטן אויסגעזען ווי לעבע־דיקע, גרויסע באַשעפענישן, וואָס האָבן זיך אויסגעשפּרייט איבערן וואַסער און האַלטן פעסט אין זייערע לאַפּעס: פון איין זייט דעם אינזל מאַנהעטן, און פון דער אַנדערער זייט, דעם פאָדערשטן טייל פון ברוקלין.

בעני האָט געקוקט פאַרכאָלעמט אין דער ווייטקייט אריין און געוויזן מיט דער האַנט:

— זע, דזשייקי, ווי די הייזער דאָרטן אָפּטאָן זיינען אַזוי הויך און שיין! די זון לייכט דאָרט שטאַרקער ווי דאָ. דו זעסט ?

— יאָ, — האָט דזשייקי אָפּגעענטפערט. — און ס׳דאַכט זיך, אַז דורך די פענצטער גיסט זיך פייער.

— וואָס הייסט, ס׳דאַכט זיך ? — האָט בעני אַ שפּאַס געטאָן, — ס׳איז דאָך אַן עמעסער פייער. ווייסטו גאָר וואָס ? לאָמיר אַראָפּלויפן און אָנקלינגען די פייער־לייט. וועסטו זען, ווי זיי וועלן זיך אַ לאָז טאָן מיט אַ געלאַף און פייפעריי. זיי קאָן מען אָפּנאַרן. איך האָב שוין איינמאָל אַזוי געטאָן. אוי, האָב איך געלאַכט.

— און זיי האָבן נישט געוואוסט, ווער דאָס האָט געטאָן ?

— וואָס דען, זיי האָבן יאָ געוואוסט ? ווי אַזוי ? דו

מיינסט איך בין געשטאַנען און געוואַרט מען זאָל מיך כאַפּן ווי איך דריי דעם אַלאַרם־גלאָק?

— ווען אַ פּאָליציימאַן כאַפּט דיך, וואָלט ער דיך אַרעס־טירט און אַריינגעזעצט אין טורמע.

— ווייסטו טאַקע נישט, וואָס דו רעדסט. אַז מען איז אַלט צען יאָר, זעצט מען נישט איין.

— נו, וואָלט מען דיך פאַרשיקט איבערן וואַסער, אין אַזאַ הויז, וואו מ׳האַלט שלעכטע קינדער.

בעני האָט ניט געענטפערט. ער האָט צונויפגעלייגט צוויי פינגער צו די ליפּן און אַ פייף געטאָן. די טויבן האָבן זיך נישט באַוויזן.

דזשייקי האָט דערווייל אַ קוק געטאָן אויף דער מויער אַנטקעגן. דורך די פענצטער מיט גראַטעס האָט ער געזען ווי מענטשן שטייען בײַ לאַנגע טישן און קנעטן מיט די הענט. האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— וואָס די טוען די מענטשן דאָ?

האָט אים בעני דערקלערט:

— דאָ איז אַ פאַבריק פון טשאָקאָלאַד. דו זעסט דעם הויכן קוימען? יעדן אינדערפרי און יעדן פאַרנאַכט טוט דער קוימען אַ געשריי, אַז איך דערשרעק זיך.

— וואָס הייסט ער שרייט?

— וואָס הייסט? דו מיינסט טאַקע, אַז דער קוימען שרייט? קאָן דען אַ קוימען שרייען? איך האָב אַמאָל געפרעגט דזשימין, דעם וואָס היט די בריק, האָט ער מיר געזאָגט, אַז דאָס שרייען די מענטשן אינעווייניק, ווייל ס׳איז

זיי זייער שווער צו אַרבעטן, און קיינער נעמט זיך ניט אָן פאַר זיי.

— גיי אַוועק, דאָס איז ניט עמעס.

— וואָס הייסט? דזשימי האָט עס מיר אַליין געזאָגט. דזשימי ווייסט אַלץ. ער דערציילט מיר נאָך אַנדערע זאַכן. ער איז אַזאַ גוטער.

— דו, — זאָגט איצט דזשייקי האַלב פאַרטרויערט. — זאָג, פאַר וואָס זיינען די הייזער דאָ אַזוי אַלט און קליין און יענע, דאָרט, אָפּטאַן, אַזוי הויך און ניי?

— דערפאַר, ווייל אָפּטאַן וואוינען רייכע מענטשן, און דאָ, אין דאַנטאַן, וואוינט מיין טאַטע און דיינער. און אַלע, וואָס האָבן נישט קיין סך געלט. ווייסטו שוין?

דזשייקי ענטפערט נישט. עפּעס איז אים נישט קלאָר. ער וואונדערט זיך: ווי אַזוי קענען זיי שטענדיק נאָר אַר־בעטן? און מעגן זיי כאָטש עסן טשאָקאָלאַד וויפיל זיי ווילן? ער קלערט און קלערט, ביז בעני טוט אים אַ צי ביים אַרבעל:

— ווייסט, דזשייקי, איך שטיי דאָ אָפט דאַך אַלע טאָג. אַלע מאָל, ווען איך קום אַהיים פון שול, גיי איך באַלד אַרויף צו מיינע טויבן. איך שטיי דאָ ביז ס׳ווערט פינצטער. איך האָב אַזוי ליב צו זיין דאָ. גיב אַ קוק ווי שיין ס׳איז, ווען מ׳קוקט פון דאַנען.

עס איז טאַקע געווען שיין צו זען, ווי עס לויפן די באַ־נען און אָטאָמאָבילן איבער דער בריק. און אַזוי פיל מענטשן אונטן אין דילענסי גאַס. פון ביידע זייטן גייען זיי איילנ־

דיק, צעטראָגן. ווייטער אַביסל לויפט אין דער הויך דער „על״. די רויט-געפאַרבטע וואַגאָנען שפּיגלען זיך אין שטי-קער שיינען פון דער זון.

— בעני, זע! — האָט דזשייקי באַגייסטערט אויסגערופן.

— די מענטשן זיינען אַזעלכע קליינינקע, און דער „על״ גייט אַזוי גיך. ניו יאָרק איז די שענסטע שטאָט אין דער וועלט„.

— די שענסטע און די גרעסטע.

— זאָל זיין די גרעסטע.

בעני איז ווידער פאַרטראַכט. עפּעס וויל ער פרעגן. שעמט ער זיך. אָבער מיט דזשייקין פילט ער זיך פריי. ער קלערט אַ ווײַלע און טוט אַ זאָג אַזוי פלוצלונג און אומ-פאַרהאָפט:

— דזשייקי, זע איך אויס ווי אַ מאַלפּע?

— וואָס הייסטו?

— סעמי רופט מיך מאַלפּע. אַלע מאָל, ווען איך קום צו, שרייט ער: „מאַלפּע-פּאָנים, ביסט שוין דאָ?״

— דזשייקי קוקט אַ מינוט און זאָגט:

— הייבט זיך נישט אָן. דו גיב אים נאָר איינמאָל אַ זעץ אונטער די אויגן, און דו וועסט זען, ווי ער וועט אויפ-הערן. צו מיר האָט ער זיך אויך געטשעפּעט, האָב איך אים איינמאָל פאַרפאָרן צווישן די אויגן. פון דעמאָלט אָן האָט ער אויפגעהערט זיך טשעפּן. פאָלג מיך.

בעני האָט מיטאַמאָל דערפילט טרייסט צו זיין כאַ-ווער.

— דזשייקי, — האָט ער אָנגעפאַנגען, — ביי מיר איז דער

קאָפּ אַביסל אויף אַ זייט. מיין ליפּ איז צעשפּאָלטן, ווייל איך בין געפאַלן ווען איך בין נאָך געווען אַ קליין קינד. איז דער־פאַר דאַרף ער מיך שטענדיק פאַרשעמען?

ער פרעגט און טרערן זיינען אין די אויגן. ער רעדט די ווערטער צום ערשטן מאָל און ס'טוט אים וויי.

אַ ווײַלע שווייגן ביידע. די רייד האָבן זיך מיטאַמאָל אויסגעלאָזט. בענין דאַכט זיך, אַז ער ווייסט, ווער ס'איז שולדיק אין אַלץ. זיין מאַמע. האָט ער זי טאַקע פיינט. ער קאָן אין איר פּאָנים ניט קוקן. ער שעמט זיך דאָס אַרויס־צורײדן.

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ שטיל רוישן. ביידע אינגלאַך האָבן צוזאַמען אויפגעהויבן זייערע קעפּ. אין דער הויך, איבער זיי, האָבן זיך געקרייזלט אַ מאַכנע טויבן.

— אָט, — האָט זיך בעני דערפרייט, — זיי קומען!

עס האָט נישט געדויערט לאַנג און שוין זיינען זיי גע־שטאַנען אַרומגערינגלט פון פאַרשידן־קאָלירטע פאַרלאַך טויבן. די טויבן האָבן געגעסן פון די הענט, געגעסן און געוואָרקעט. בעני האָט צו זיי גערעדט:

— וואו זייט איר עם געווען, איר שלעכטע? איך האָב געוואַרט אַף אייך, און איר פליט ערגעץ אַרום!

ער האָט זיי גערופן ביים נאָמען, ווי אַ טרייע מאַמע, וואָס באַרימט זיך מיט אירע קינדער, און ער האָט אַזוי דער־ציילט:

— יענע ווייסע, זעסטו? דאָס איז די „זי“, וואָס איך האָב

נעכטן באַקומען. גיב אַ קוק די פליגעלאַך. זיינען זיי ניט ווי זילבער?

ער האָט עס גענומען אין האַנט אַריין. ווען ער האָט עס אויפגעהויבן האָבןביידע דערזען בלוט. פון אונטער אַ פליגעלע איז גערונען אַ קליין שטראָמעלע. דאָס טייבל האָט געציטערט אין זיינע הענט. הינטער דעם פליגעלע איז געווען אַ וואונד. די אינגלאַך האָבן זיך דערשראָקן איבערגעקוקט. בעני האָט נישט געקאָנט קוקן, ווי דאָס טייבל וואַרפט זיך. ער האָט אַ קוק געטאָן אַפן כאַווער, און געזען ווי יענער קוקט גאָר אַוועק אין אַ זייט.

בענים ערשטער געדאַנק איז געווען לויפן צו דזשימין. יאָ, האָט ער צו זיך אַליין גערעדט אין דער שטיל, דזשימי וועט שוין ווייסן, וואָס צו טאָן.

ער איז גיך אַראָפּגעלאָפן פון דאַך. ער איז געלאָפן שנעל. אין גאַס איז געווען ענג. אַף די טראָטואַרן זיינען געשטאַנען קינדער-וויגעלאַך. עס איז געווען שווער זיך דורכצושטופן אין דעם גרויסן געדראַנג. אָבער ער איז געגאַנגען און זיך דורכגעשטופּט דורך די געדיכט-געקנוילטע גרופּן. דזשייקי האָט אים נישט געקאָנט נאָכיאָגן.

אַן אַלטע אידענע האָט אויסגערופן: „אינגעלע, דריי שטיקלאַך טשונגאַם פאַר אַ פעני". ער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט. ער האָט נאָר אַ קוק געטאָן אַזוי ווי מען וואָלט אים אויפגעוועקט פון שלאָף. אין די אויגן איז געווען אַן אַ שיר טרויער. די אידענע האָט זיך פאַר אים דערשראָקן

און זי האָט אים פּאַרדעכטיק נאָכגעקוקט, ווי ער גייט אַזוי מיט אויסגעשטרעקטע הענט.

ער האָט נישט געפילט ווי ער איז שוין אינמיטן מאַשינען און שווערע טראָקס, וואָס טוקן און פייפן. ער האָט גאָר נישט געהערט, ווייל אין האַנט האָט ער געטראָגן זיין טייבל, וואָס האָט זיך געוואָרפן אין לעצטע מינוטן. און גלייך ווי ער וואָלט מיט די ווערטער וועלן דערהאַלטן דאָס לעבן פון דעם באַשעפעניש האָט ער קעסיידער איבערגעכאַזערט די ווערטער: „מיין טייבעלע! מיין טייער, טייער טייבעלע!"

ער איז געגאַנגען ווי אין אַ הייליקער פּראָצעסיע. געדאַכט האָט זיך, אָט וועט ער פאַלן אויף די קני, אויסשפּרייטן די הענט. ער וועט וויינען און בעטן: „זאָל לעבן מיין טייבל, זאָל עס בלייבן לעבן".

אים אַליין האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז געשיקט אין אַ ווינטיקן שליכעס. מאַכט מען פאַר אים פריי די וועגן. מיט פאַרמאַכטע אויגן גייט ער. ער וועט קומען וואו ער דאַרף. און דאָרטן וועט אַלץ ווערן גוט. דאָס טייבל וועט געזונט ווערן. מאָרגן וועט ער ווידער שטיין אויפן דאַך, קוקן ווי עס פליט און דרייט זיך אין דער לופטן, ווי עס מאַכט גרויסע קרייזן. און מיטאַמאָל טוט זיך דאָס טייבל אַ לאָז אַראָפּ, גלייך צו אים אין האַנט אַריין.

ער איז שוין געוועזן אויף דער בריק. פון וויטן האָט ער געזען ווי דזשים שטייט לעבן זיין בודקעלע און האַלט זיין גרויסע ליולקע אין מויל.

— דזשים! דזשים!

ער האָט פון װײַטנס אָנגעהױבן רופן.

דער אַלטער דזשים האָט זיך אומגעקוקט:

—אײ, דאָס ביסטו בעני? נו, קום אַהער, װאָס? פאַר־בענקט זיך אַביסל נאָך דײַן אַלטן כאַװער?

בעני האָט נישט געענטפערט. ער האָט נאָר געהאַלטן זײַנע אױסגעשטרעקטע הענט אַנטקעגן.

— װאָס האַלטסטו אין דײַנע הענט, און דו װײנסט גאָר?

פון זײַנע אױגן זײַנען טאַקע גערונען טרערן. און ער האָט זיך פאַרשעמט.

— זעה, — האָט ער שטיל אַרױסגערעדט, — דאָס טײבל.

ער האָט צעעפנט די הענט און דזשים האָט דערזען אַן אײַנגעקאַרטשעט, װײַס טײבעלע, װאָס רירט זיך ניט פון אָרט. איז ער צוגעגאַנגען, האָט עס אַ נעם געטאָן אין האַנט און האָט זיך צעלאַכט:

— װעגן דעם אַ װײנסטו? נאַרעלע, װאָס דו ביסט!

ער האָט אַרױפגעלײגט די שטאַרקע האַנט אױף זײַן פּלײצע און געזאָגט:

— פאַראַן אַנדערע. נאַר, װאָס דו ביסט. און שענערע. דאָס איז דאָך האַלב געפּײגערט. איך זאָג דיר צו, איך װעל דיר ברענגען אַן אַנדערס, און װעסט זען, אַ שענערס.

בעני האָט נישט פאַרשטאַנען, װאָס דזשים רעדט. די רײד זײַנען געפאַלן, װי שװערע שטײנער פון דער לופט. ער האָט אַפילע נישט געפילט, װי דזשים נעמט אים אָן בײַ דער

האַנט, פירט אים צו אין אַ זייט, ער האַלט דאָס טייבל באַ אַ פיסל, לאָזט עס הענגען אַ פּאָר מינוט. אַ ווייסער פּלאַטער אַף דער פלאַך פון וואַסער, און אויס.

בעני האָט אַ ציטער געטאָן, איז געבליבן שטיין, גע־קוקט. די בלענדנדיקע ווייסקייט איז שוין אויך נישט געווען. קיין סימן פון אַ טייבל. און ווידער האָט אים דער אַלטער דזשים גענומען פאַר דער האַנט:

— נו, קום, נאַרעלע. שטיי ניט אַזוי. מאָרגן וועסטו האָבן אַן אַנדערס. הויב אויף דיין קאָפּ. וואָס שטייסטו אַזוי?

בעני האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז פון דער טיפעניש פון וואַסער, קוקט צו אים אַרויף דאָס טויטע טייבל. מיט די קלאָרע, קלוגע אויגן. עס קוקט און פרעגט: „פאַרוואָס האָסטו געלאָזט מען זאָל מיך אַריינוואַרפן אין וואַסער?

אַ שטילע מוירע איז געקומען פון אונטן, פון די טונקלע כוואַליעס האָט עפּעס גערעדט צו אים, זיך געשניטן אין זי־קאָרן מיט הייסן אָטעם. ער האָט דערפילט אַ קעלט אין אַלע אייוועריס.

דזשים איז געוואָרן ברויגעז:

— קום, זאָג איך דיר, ס׳איז קאַלט, און דו וועסט זיך נאָך פאַרקילן!

ער האָט אים אַריינגעפירט צו זיך אין בודקעלע. דאָ איז געווען וואַרעם. אין קליינעם, אייזערנעם אייוועלע האָט

פריילאַך געקנאַקט אַ פייער. די וואַרעמקייט האָט דאָ אַרומ־גענומען מיט געטריישאַפט און געמונטערט.

דזשים האָט זיך געזעצט אַף אַ קעסטעלע אַנטקעגן בענין. ער האָט אַ באַטראַכט דעם רויך, וואָס איז זיך פאַרגאַנגען ביז הינטער דער סטעליע. דערנאָך האָט ער מיט זיין אַלטן קאָל גענומען ריידן:

— אַלע מאָל, ווען איך שטיי בא אַ וואַסער, דערמאָן איך זיך אין די צייטן, ווען איך בין נאָך געווען יונג. איך קלויב צענויף אַלע מיינע גוטע טעג, פון אַלע טיילן וועלט, וואו מיין פוס האָט זיך אָפּגעשטעלט. איך דאַרף נאָר אַ טרייסל טאָן מיין זיקאָרן, און עס קומען פון דאָרט אַרוים אַזעלכע פריי־לאַכע צייטן. ווי פריילאַכע שטיפערס קומען זיי, שטעלן זיך אַוועק פאַר מיינע אויגן. און, בעני, איך האָב ליב זיך צו דערמאָנען אָן זיי. מיר דאַכט זיך, אַז דאָס זיינען מיינע קינ־דער. אַך, ווי גוט איז געווען יענע צייט! מען איז געווען יונג. אַ מאַטראָז מיט הויט און ביינער. די כוואַליעס. אַמאָל זיינען זיי בייז און כמורנע. און אַמאָל אַזוי שטיל און פרידלאַך. דע־מאָלט פילסטו ווי דאָס האַרץ וואַקסט און וואַקסט. דעמאָלט וואָלסטו וועלן אַרומנעמען די גאַנצע וועלט. ווייל אַלע זיי־נען דיר ברידער און שוועסטער און דו פילסט זיך אַזוי אַליין אַף דער ערד. דו ווייסט נישט וואָס צו טאָן מיט זיך. אָבער ווען דער פוס שטעלט זיך שוין אַף האַרטער ערד, שטראָמט אַזאַ גרויסע פרייד פון דיינע אייוועריס. פאַר אַ מאַטראָז אין ווייטע לענדער איז אָנגעגרייט אַל־דאָס־גוטס. אַראָפּגערוקט דאָס היטל אַף אַ זייט, פאַרקעמט די פריזור און

אַלץ איז פאַר דיר. דאַרפסט נאָר ווען. די וועלט איז אַפן ריכטיקן אָרט. און דיר איז וואויל און גוט, וואָס בעסער קאָן שוין גאָרנישט זיין.

בעני איז געזעסן ווי אָפּגעזנד. די ווערטער זיינען פאַרביי זיינע אויערן, אָן אַ האַפט. דער אַלטער דזשים האָט ווייטער גערעדט:

— היינט איז אַנדערש. יעדן טאָג גייט מען אַוועק פון דער היים אַ זייגער זעקס פאַרטאָג. יעדן טאָג דעמזעלבן גאַנג. אין קעסטעלע ליגן יעדן טאָג די זעלביקע סענדוויטשעס. טאָמייטאָ מיט אייער. קומסט צום בריק, שטייסט אַ גאַנצן טאָג ווי אַ ליימענער גוילעם. אונטן גייען פאַרביי שיפן. ס׳ציט באַם האַרץ. ס׳וואָלט זיך וועלן ווידער אַ מאָל אַוועקפאָרן אין ווייטע לענדער. זאָגט מען דיר, ניין! שטיי און היט די בריק. עמיצער קאָן זי נאָך אַוועקגאַנווענען. איך קוק אַפן וואַסער און איך הער ווי צו מיר שרייען פון דאָרטן אַרויס פאַרגאַנגענע יאָרן. זיי רופן און וועקן און ....

ער האָט זיך צעוויינט. און ס׳איז געווען אַזוי מאָדנע צו זען דעם אַלטן דזשים, מיטן פאַרהאַרטעוועטן פּאָנים, זיצן אַנטקעגן פייער און וויינען. בעני איז געזעסן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און געשוויגן. פאַר זיינע אויגן האָט נאָך אַלץ געשוועבט דאָס טויטע טייבל, וואָס איז איצט שוין אַרומגעשוואומען אין וואַסער. ס׳האָט זיך אים גע־דאַכט, אַז ער זעט אַ פּאָר גרויסע, קלוגע אויגן. זיי זיינען פאַרגלייזט, נאָר דורך אַ קליינעם שפּעלטעלע קוקן זיי צו אים מיט אַ גרויס געבעט.

— בעני, פאַר וואָס האָסטו געלאָזט מ׳זאָל מיך אַריינ־וואַרפן? פאַר וואָס?

און אָט די ווערטער האָבן אָפּגעציטערט אין אים מיט שרעק.

דזשימי האָט נאָך געפּרואווט דערציילן זיינע אַלטע, שיינע מייסעס, וואָס בעני האָט אַזוי ליב געהאַט צו הערן. אָבער איצט איז ער געזעסן ווי אַ פרעמדער. גאַרנישט האָט אים געקאָנט אויפמונטערן און אָוועקרייסן פון זיין גרויסן טרויער.



# באַר־מיצווע פאַדי

קאַפּיטל צוויי

בעני האָט נישט געקאָנט שלאָפן. אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך אים געכאָלעמט אַז ער שווימט אין אַ וואַסער. ער שווימט און זוכט אין אַלע זייטן. אינמיטן האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און דערזען, אַז דער טאַטע שטייט באַם טיש און ציילט געלט. ער האָט געוואוסט, אַז דער טאַטע שטייט אויף און פאָרט נאָך הינער.

— פּאַ, — האָט ער אַ פרעג געטאָן, — ווען איז לינקאָלנס געבורטס־טאָג, היינט, צי ערשט מאָרגן?

דער פאָטער איז געווען שטאַרק פאַרטיפט אין ציילן די נעכטיקע לייזונג, האָט ער אומגעדולדיק אַ זאָג געטאָן:

— שלאָף, און וועק ניט אויף די קינדער!

בעני האָט נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס דער טאַטע איז אַזוי בייז. האָט עס אים פאַרדראָסן. עס איז נישט געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס דער פאָטער האָט אים געגעבן אַזאַ ענטפער. אַלע מאָל, ווען בעני פלעגט עפּעס פרעגן, האָט אים דער טאַטע געענטפערט מיט אַ האַרבן קאָל. איצט אָבער האָט עס אים ווײ געטאָן, מער ווי טאָמיד. ער האָט זיך אַליין געפרעגט: פאַרוואָס איז דאָס אַזוי? פאַרוואָס איז ער אויף מיר שטענדיק בייז? וואָס טו איך אַזוינס? ער פּרואווט מאַכן אַ כעשבן. ער קלערט וועגן גאַנצן נעכטיקן טאָג. קאָן זיין דערפאַר, וואָס ער האָט ניט געהאָלפן אין הויז און איז אַ היים געקומען שפּעט? קאָן זיין דער טאַטע ווייסט, אַז ער איז געווען בא דזשימין, דערפאַר איז ער בייז. ער וויל ניט, ער זאָל גיין אַהין. איינמאָל האָט ער אים שוין געשלאָגן דערפאַר. ער ווייסט ניט פאַרוואָס מ'טאָר ניט גיין אַהין. דזשים איז דאָך אַזאַ גוטער.

האָט ער נאָך אַמאָל אַ זאָג געטאָן:

— פּאַ, איך בעט דיך, איז שוין היינט לינקאָלנס געבורטס־טאָג?

— נו, יאָ, היינט. איז וואָס? זיך אָנגעטשעפּעט מיט אַ געבורטס־טאָג, אַז דער רואַך זאָל דיך נעמען. אָט האָב איך שוין געמאַכט אַ טאָעס. לויפער! ווילסט שוין וויסן צי וועסט קענען מאַרגן אַ גאַנצן טאָג אַרומלויפן מיט דער כעוורע?

און ער האָט ווייטער געגלעט די איינגעקנייטשטע דאַ־

לאַרן, אויסגעקליבן באַזונדער די ניקלס און די דיימס. ער איז געווען אַזוי פאַרטאָן אין דער אַרבעט, אַז ער האָט אַפילע ניט געהערט ווי בעני האָט אַ פּאַטש געטאָן מיטביידע הענט און אויסגעשריען:

— אָ, באָי! היינט וועל איך ניט דאַרפן אויפשטיין. היינט וועל איך ליגן אין בעט ביז אַ זייגער צען. דערנאָך וועל איך מיך אָנטאָן, נעמען מיין גרויסן באָל. אָך, ס'איז גוט אַז מ'דאַרף ניט גיין אין שול.

דער פאָטער האָט איינגעפּאַקט דאָס געלט אין אַ גרויסן צייטונגס־פּאַפּיר און איז אַרויס. בעני האָט שוין נישט גע־קאָנט שלאָפן. אין קאָפּ איז נאָך געווען וואָך די געשעע־ניש מיטן טייבל. אָבער דער געדאַנק, אַז היינט וועט ער זיין פריי, וועט קענען שפּילן וויפיל ער וועט נאָר וועלן, האָט אים באַרואיקט. און מיט אַמאָל האָט ער זיך דערמאָנט. אויב היינט איז שוין לינקאָלנס געבוטרס־טאָג, איז דאָך היינט טאַקע די באַר־מיצווע פאַדי באַ הערין.

איצטער איז ער טאַקע געוואָרן גאָר פריילאָך. און ער האָט גיך צו זיך אַליין גערעדט:

— עס וועלן דאָרטן זיין אַלע פעטערס און מומעס. דער פעטער לואי פון לאָנג־איילאַנד וועט אויך זיין. וועל איך זיך אַריינזעצן אין זיין גרויסער מאַשין. דער פעטער לואי איז אַ גוטער. איינמאָל האָט ער מיר געגעבן „אַ רייד" ביז צום פּראָספּעקט פּאַרק. אָך, ווי ער איז דאָס געפאָרן שנעל! אַלע מאַשינען האָט ער איבערגעיאָגט.

ער איז געלעגן מיט אָפענע אויגן און איבערגעטראַכט.

ווי אַזוי וועט עס זיין באַ דער פּאַדי. ער איז נאָך קיינמאָל ניט געווען באַ אַזאַ זאַך. ער וועט האָבן וואָס צו דער־ציילן. און ס׳וועלן זיין גוטע זאַכן צו עסן. און פּלוצלונג האָט ער זיך דערמאָנט:

— איך האָב ניט קיין שיינעם אָנצוג. די הויזן זיינען צע־ריסן פון פאָרנט און פון הינטן. די שיך זיינען אויסגעדרייט. שוין אַזוי לאַנג, אַז די מאַמע זאָגט צו, אַז זי וועט קויפן נייע. און זי לייגט עס אַלע מאָל אָפּ אַף מאָרגן.

עס האָבן זיך דערהערט די ערשטע, פאַרטאָגיקע גע־רוישן. די מילך־וועגעלאַך זיינען שוין צוגעפאָרן צו די היי־זער און ס׳האָט זיך געהערט דאָס קלינגען פון ליידיקע פלע־שער. איבער דער בריק האָבן זיך שוין געטראָגן גרויסע, פול־באַלאָדענע טראָקס און דאָס האָט געמאַכט ציטערן די שויבן אין די פענצטער.

בעני האָט אַ קוק געטאָן אין דרויסן און דערזען אַ בלויע ליכטיקייט. זי איז אויסגעשפּרייט אַף די ווענט און אַף דער ערד. עס לויפן מאַשינען. די גרויסע, ברענענדיקע אויגן פון פאָרנט, וואַרפן לאַנגע שיינען און ס׳דאַכט זיך, אַז זיי שטעכן דורך די פינצטערניש. ווען ער איז מיד געוואָרן קוקן אין דרויסן, האָט ער אָנגעצונדן דאָס ליכט און גענומען לייענען.

ס׳איז שוין איינמאָל אַ בוך! עס דערציילט וועגן גרויסע העלדישקייטן אין מילכאָמע. ווי אַזוי מען איז געפאָרן אַף די שיפן קיין איראָפּע. די שטענדיקע מוירע פאַר דייטשע סוב־מאַרינס. דאָס אייביקע וואַרטן אַפן סיגנאַל „געפאַר“. די מוירע פאַרן טויט. די לוסטיקע לידער. דערנאָך די מילכאָ־

מע. דער הויפּט-העלד דזשאַן סאַמבערג. אַ יונג אינגל פון אַ קליין שטעטל, וואָס האָט זיך קוים איינגעבעטן מען זאָל אים מיטנעמען. האָט ער באַוויזן אַזעלכע וואונדער. אַלע האָבן אים ליב געהאַט, ווייל ער האָט אַלעמען געמאַכט צום לאַכן. אַן עמעסער לעץ. אָבער, אַז ס'איז געקומען צום געדיכטן, טאַקע שוין צום שלאָגן-זיך, האָט ער באַוויזן וואָס ער קען. איינער אַליין האָט ער באַנאַכט זיך צוגעגאַנוועט צום פיינטס ליניעס. איבערגעריסן די טעלעפאָן-דראָטן. דער פיינט האָט אַפילע נישט געוואוסט, אַז באַ נאַכט גרייט זיך אַן אָנגריף. צוריק געקומען איז ער ניט אַליין. ער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט אַ צען דייטשן, געזונטע ווי די בערן. דערפאַר האָט ער באַקומען אַ מעדאַל און איז געוואָרן פון אַ געוויינטלאַכן סאָלדאַט, אַ לייטנאַנט פון דעם דריי-און-דרייסיקסטן ראַדיאָ-רעגימענט.

מיט פאַרכאַפּטן אָטעם האָט ער געלייענט די וואונדער-לאַכע געשיכטע און געדאַכט האָט זיך אים, אַז דאָס לייענט ער ניט די געשיכטע פון אַ פרעמדן. ניין, דאָס איז די געשיכטע פון זיך אַליין. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַז דער דזשאַן סאַמבערג איז ער טאַקע אַליין. אַז ער האָט דאָס אויפגעטאָן די אַלע גרויסע העלדישקייטן. און אַז אים האָט מען דאָס אַזוי דעקאָרירט. און אויב דאָס האָט אַפילע ביז איצט נאָך ניט געטראָפן, וועט עס זיכער טרעפן, שפּעטער אַמאָל. עס וועט דאָך נאָך זיין אַמאָל מילכאָמע. וואָרים מילכאָמעס מוזן דאָך זיין. אַזוי זאָגט די לערערן, מיס בראַון. און אַז זי זאָגט, ווייסט זי שוין וואָס זי זאָגט.

ער פֿאַרמאַכט די אויגן און ער זעט זיך אָנגעטאָן ווי אַ רייטער אַף אַ פֿערד. ער יאָגט זיך אַף אַ ווייטן, ליידיקן פֿעלד. רעכטס און לינקס לייגט ער אַוועק פֿיינטלאַכע סאָל־דאַטן. זיי פֿאַלן באַ אים פֿון דער האַנט. ער דאַרף אַפּילע נישט שיסן. ער טוט נאָר אַפֿאָכע מיט זיין ביקס און זיי לייגן זיך אוים אַליין, איינציקווייז. זיי וואַרטן ביז ער קומט צו און דערנאָך ציען זיי אוים הענט און פֿיס, לייגן זיך אַוועק און זאָגן: „שוין, מיר זיינען שוין טויט. דו דאַרפֿסט ניט זיין בייז. מיר האָבן פֿאַר דיר סיי־ווי־סיי מוירע.“

ס׳האָבן זיך אויפֿגעכאַפּט דאָס קלענערע ברודערל באָבי, מיטן שוועסטערל סילוויע. האָט זיך זיין טראַכטן איבערגעריסן.

זיי זיינען אַריין צו אים אין בעט און גענומען שרייען מיט איין קאָל:

— שפּילן, מיר ווילן זיך שפּילן!

האָט זיך בעני באַהאַלטן אונטער דער קאָלדרע, געברומט ווי אַ בער, געקראָכן אויף אַלע פֿיר און געוואָלט זיי כאַפּן. די קינדער האָבן געלאַכט און געשריען ביז די מוטער האָט זיך אויך אויפֿגעכאַפּט:

— בעני, הער אויף קאָמאַנדעווען, כ׳וועל דערציילן דעם טאַטן וועט ער דיר געבן. וועט ער דיך ניט מיטנעמען צו דער פּאַדי, הערסט?

יאָ, ער האָט געהערט. און איז טאַקע באַלד אַנטשוויגן געוואָרן. ער האָט נאָך אַמאָל אַ קוק געטאָן אין פֿענצטער און דערזען, אַז דרויסן איז שוין רעכטער טאָג. איז ער

שטיל אַראָפּ פון בעט, אויסגעלאָשן דאָס ליכט. ער האָט אָנגעטאָן די קינדער, געגעבן זיי עסן. ער האָט זיך פאַרגע־נומען:

— איך וועל היינט זיין גוט. איך וועל וואַרטן ביז די מאַמע וועט אַרויפקומען, דערנאָך וועל איך אַראָפּגיין העלפן דעם טאַטן.

די מוטער האָט זיך ניט ווייניק געוואונדערט ווען זי איז שפּעטער אַרויפגעקומען און דערזען די שטוב אויפגעראַמט. די קינדער געוואַשן און אַלץ אויפן אָרט. האָט זי אויף בענין אַ קוק געטאָן. אַזאַ קוק, פון וועלכן בענין איז געוואָרן וואַרעם אין אַלע אייוועריים:

— זעסט, ווען דו ווילסט, קענסטו זיין גוט אויך. נו, וועסטו טאַקע גיין צו דער פּאַדי. און איך וועל דיר ווייזן, וואָס איך האָב דיר געקויפט.

זי איז צוגעגאַנגען צו דער שאַפע, אַרויסגענומען אַ פּעקל און געוויזן. בעני איז געבליבן שטיין אָן לאָשן. ער האָט דערזען אַ נייעם אָנצוג, מיט אַ פּאָר נייע, געלע שיך. אויף דער ערשטער רעגע האָט ער ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן. אָבער אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער אַ כאַפּ געטאָן דער מאַ־מעס הענט און זיי באַדעקט מיט קושן. ער האָט שיר ניט געוויינט פאַר פרייד. ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. אָבער און ווידער האָט ער באַטראַכט די נייע זאַכן. אָנגע־מאָסטן זיי, זיך געשטעלט פאַרן שפּיגל.

ווען ער איז אַראָפּ אונטן האָט ער געטראָפן אַ פולע קראָם מיט ווייבער. געקוילעטע הינער זיינען גע־

לעגן מיט פּאַרוואָרפענע קעפּ און האַלב־אָפענע אויגן. ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז זיי קוקן דורך די קליינע שפּעלטעלאַך, אַזוי באַהאַלטן־אָפּנאַרעריש, און די דינע פאַרצויגענע הייטעלאַך זיינען אַזוי דורכזיכטיק־דין, אַז אָט, אָט רייסן זיי זיך אי־בער אַף צווייען.

בעני האָט זיך פאַרטראַכט: אַזוי פיל געקוילעטע הינער! ווער האָט עס געהאַט אַ האַרץ דאָס צו טאָן? צי ניט זיין טאַטע אַליין?

— טאַטע, — האָט ער פּלוצלונג אַ פרעג געטאָן, — ווער קוילעט די הינער?

— וואָס הייסט ווער, אַ שויכעט.

— און מ׳לאָזט אים דאָס טאָן? ער האָט ניט קיין ראַכמאָנעס?

— גיי שוין גיי, מיט דיינע נאַרישע פראַגעס. האָסט זיך שוין ווידער אָנגעטשעפּעט?

ס׳איז אַריינגעקומען די מרס. זילבערצוויג, אַ ברייטע אי־דענע מיט אַ רויטן פּאָנים. זי האָט זיך קוים דערטראָגן אַף די פיס. זי האָט שווער געסאַפּעט. זי האָט געקליבן און געקליבן ביז זי האָט צונויפגענומען אַ פּאַק:

— שיקט עס מיר אַרויף!

בעני האָט ניט געוואַרט ביז מען וועט אים זאָגן. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס פּעקל און איז שנעל אַרויף אַפן פערטן שטאָק.

דער זייגער איז שוין געווען צוויי, ווען די גאַנצע מיש־פּאָכע האָט זיך געוואַשן און גערייניקט. בעני איז געשטאַ־

נען פֿאַרן שפּיגל און אַף־סניי באַטראַכט זיין נייעם אָנצוג. ער האָט איצטער אויסגעזען גאַנץ אַנדערש.

און ווען זיי זיינען שוין געפֿאָרן אַפֿן בריק, הויך הויך, איבערן וואַסער, האָט ער זיך דערמאָנט, וואָס דזשים האָט צו אים נעכטן באַנאַכט גערעדט. ס׳האָט זיך אים גע־דאַכט, אַז אויך ער האָט איצט אַ גרויסן פֿאַרלאַנג צו פֿאָרן איבער ווייטע, ווייטע יאַמים. צו געפֿינען אַ פֿאַרבאַהאַל־טענעם אויצער, אַף אַ פֿאַרבאָרגענעם אָרט, וואָס קיינער ווייסט ניט. נאָר ער מיט דזשימין קענען צוקומען און אַ היים נעמען דאָס גרויסע גליק.

לעבן אַ צוויי־שטאָקיק הויז, מיט אַ גלעזערנער ווערענדע זיינען שוין געשטאַנען מאַשינען. אַרום זיינען געווען פֿאַר־זאַמעלט קינדער און מ׳האָט זיך געשפּאַרט.

— מיין טאַנטס מאַשין, — האָט אַ בלאָנדער אינגל מיט אַ פֿאַרשפּיצטן נעזל זיך געקאָכט, — קאָסט עפּשער דריי טויזנט דאָלער און ער לויפֿט פֿינף־און־זעכציק מייל אַ שטונדע.

— או־וואַ, — האָט אַ שווארץ־כיינעוודיק מיידעלע, מיט אַ קווויטשענדיק קעלכל אַריינגעשריען, — איך האָב אַ פֿע־טער, וואוינט ער אין מינעאַפּאָליס, האָט ער אַ מאַשין, זאָלט איר זען. ניין, איך קאָן אייך ניט זאָגן. ער וועט קומען איבער אַ יאָר קריסטמעס, וועט איר שוין אַליין זען אַ מאַשין!

בעני איז געשטאַנען אין אַ זייט און געשוויגן. ער האָט באַטראַכט ווי שיין די קינדער זיינען אָנגעטאָן, און ער האָט נישט געוואוסט, צי דאַרף ער זיך שעמען פֿאַר זיי, צי ניט.

מיטאַמאָל זיינען די גרויסע פֿענצטער פֿון הויז געוואָרן

באַלויכטן. איז מען אַריין אינעווייניק. דאָ איז געווען יאָנ־טעוודיק. פון אַלעמענס פּענימער האָט אַראָפּגעשיינט אַ גרויסע צופרידנקייט. פון די ווענט און פון דער סטעליע האָבן אַראָפּגעשיינט אַ סך ליכטער. ס׳איז געווען אַזוי ווי מיטאַמאָל וואָלט זיך פון ערגעצוואו אַ גאַס געטאָן אַ שטראָם ליכטיקייט און אַלע זיינען אומגעריכט פאַרבלענדט געוואָרן.

ס׳איז געוואָרן שטיל, מען האָט געוואַרט אויף עפּעס. און דאָ האָט זיך דורכגעשאַרט אַ איד מיט אַ קורץ שוואַרץ בערדל. הינטער אים איז נאָכגעגאַנגען הערי. די שטילקייט איז גע־וואָרן נאָך מער קענטיק, ווען הערי האָט זיך אויפגעשטעלט אַף אַ בענקל און אָנגעהויבן ריידן:

— דיזער הייליגער טאָג פון מיין באַר-מיצווע איז איינער פון מיינע וויכטיקסטע פּייערטאָגע אין מיין לעבן. ווייל אין דיזעם טאָג טרעט איך אַריין אַלס גלייכבאַרעכטיקטער מיט־גליד פון דער הייליגער געמיינדע איזראַעל. איך שלים הייטע איין בונד מיט גאָט אַף אימער און עוויג. אייך, מיינע ליבע עלטערן, — האָט ער זיך אַ דריי-אויס געטאָן צו טאַטע-מאַמע, וואָס זיינען געשטאַנען אַנטקעגן מיט איבערגעגאָסענע אויגן, — אייך דאַנקע איך פאַר אַלע די וואָלטאַטן וואָס איר האָט מיר געטאָן ביז היינט, פון מיין קינדהייט אָן. מעג אייך גאָט באַצאָלן. אָמען.

ער האָט געערדט הויך אָן מוירע. און ווען ער האָט פאַרענדיקט איז די מאַמע צוגעלאָפן, האָט אים אַריינגענומען אין אירע הענט און שיר ניט צעקוועטשט. זי האָט געוויינט

און זיך געטרייסלט פון ספּאַזמען. די דימענטן האָבן זיך מיטגעטרייסלט און געפונקלט אין רייכן שיין, ווי אין גרויסע שפּיגלען. שפּעטער איז צוגעגאַנגען דער פּאָטער. ער האָט אים אַ קוש געטאָן אין שטערן און האָט אים פּאַר אַלע אין די אויגן, אָנגעטאָן אַ גאָלדענעם זייגער. נאָכדעם האָבן זיך אַ לאָז געטאָן פּעטערס מיט מומעס. יעדערער מיט אַן אַנדערער מאַטאָנע.

הערי איז געשטאַנען אויבן־אָן באהאַנגען מיט גאָלד און זילבער. ער האָט געשיינט. ער האָט אויסגעזען ווי אַ פּרינץ פון אַ מייסעלע, וואָס קומט אין גרויסער נויט ברענגען הילף. און פּאַר בענין איז ער ניט מער געווען זיין געשוועסטער־קינד הערי — דער מיט וועלכן ער קען ריידן ווי מיט זיין גלייכן. ניין, פּאַר אים איז ער איצט געווען אַ פּרינץ פון וואונדער־לאַנד, וואָס האָט זיך פּלוצלונג באַוויזן צווישן קינדער. און דער ערשטער, וועמען ער וועט מיטנעמען וועט זיין, ער, בעני. ער האָט דאָך אַזוי ליב צו הערן די מייסעס פון וואונדער־לאַנד.

מ׳האָט זיך געזעצט צו די טישן. בעני איז נאָך אַלץ געשטאַנען אַפן פריערדיקן אָרט. ער האָט נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון הערין, וועלכער איז שוין איצט געזעסן באַם עק־טיש, איינגעפּאַנצט אַ פּאַרפּלאָנטער. בעני האָט נישט געקאָנט איינזיצן אין דעם געררויש. ער האָט געפילט, אַז ער מוז זיין אַליין, גאַנץ אַליין. ווייל אין קאָפּ האָט שטאַרק גע־זשומעט.

אָבער איצט איז צו דער פּיאַנאָ צוגעגאַנגען אַ בלאָנדע

מיידל. זי האָט אַ לייכטן ריר געטאָן די ווייסעביינדלאַך און ס'האָבן זיך צעטראָגן קלאַנגען. אַזעלכע זיסע און שטילע, אַז אַלע האָבן געמוזט איינהאַלטן דעם אָטעם.

בעני האָט ניט אַראָפּגענומען די אויגן פון די לאַנגע פינגער, וואָס האָבן אַזוי געשווינט אַרומגעשוועבט איבער די ווייסע ביינדלאַך. ער האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין און זיך געוואונדערט: ווי אַזוי איז דאָס מעגלאַך, מיט פּאָשעטע פינגער זאָל מען קאָנען באַווייזן אַזאַ קונץ. און געדאַכט האָט זיך אים, אַז אויך זי איז פון פרעמדן וואונדער־לאַנד. אויך זי איז געקומען אַזוי אומגעריכט. זי וועט אָפּשפּילן, וועט זי פאַרשווינדן און וועט ניט זיין מער. ער וועט אַזוי בענקען נאָך איר. ער וועט זי וועלן זען, אָבער זי וועט שוין ניט זיין דאָ.

ערשט ווען זי האָט פאַרענדיקט שפּילן, האָט ער דערזען אַז דאָס איז ע ל ס י! זיין געשוועסטער־קינד. ער איז צוגעגאַנגען, געפּרואווט ריידן אַ פּאָר ווערטער, ער האָט איר געוואָלט עפּעס זאָגן. איז אָבער צוגעקומען הערי, האָט זי אים געלאָזט שטיין און איז מיט יענעם אוועק צום טיש אָנקוקן די שיינע זאַכן, וואָס ער האָט באַקומען.

ער האָט דערפילט, אַז באַלד וועט ער זיך מוזן צעוויינען. איז ער אויף גיך אַרויס. ער איז געגאַנגען פון איין צימער אין אַנדערן. איבער די ווייכע טעפּיכער איז געווען לייכט דער טראָט. פון אַלץ האָט אַראָפּגעקוקט ברייטע רייכקייט. ער איז אַריינגעקומען אין צימער, וואָס איז געווען אינ־גאַנצן באַלויכטן מיט אַ בלויען ליכט. דאָ איז געווען אַזוי

שטיל. דער גערויש פון די געסט האָט זיך אָהער ניט דערטראָגן. ס׳איז געווען אַזוי ווי פאַר דער טיר וואָלטן אַלע קוילעם אַנטשוויגן געוואָרן, ווייל זיי ווייסן, אַז אַהער טאָרן זיי ניט אַריין.

האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אַף איינעם פון די ווייכע, פּלו־שענע שטולן און באַוואונדערט אַלץ וואָס ער האָט געזען. די בילדער אַף די ווענט האָבן דערציילט פון אַ שטילן זומער־פאַרנאַכט אינמיטן אַ וואַלד. ניט ווייט איז געווען אַ הויכער פאָנטאַן, און אונטער אַ נאָענטן בוים זיינען געזעסן צוויי מיט פאַרטראַכטע בליקן. איבער זיי איז געהאנגען אַ האַלבע לע־וואָנע און אַראָפּגעקוקט צו זיי, אַזוי ווי זי וואָלט זיי ביידן וועלן היטן.

איבער דער טיר האָט ער דערזען אַ האַלב־אויסגעבויגענע זאַך, איינגעוויקלט אין אַ פּאַפּיר מיט שטרייפן און שטערן. זיין האַרץ האָט אָנגעפּאַנגען שטאַרקער קלאַפּן. דאָס איז דאָך מאַזל! אָט דאָס ברענגט דאָך גליק און רייכקייט. דער־פאַר איז דאָך באַם פעטער אַזוי שיין אין הויז. און פאַר העריץ האָט מען געקאָנט מאַכן אַזאַ גרויסע פּאַדי. אַ שטילער געדאַנק האָט גענומען עגבערן: אַראָפּנעמען אָט די מאַזעלדיקע זאַך! אַראָפּנעמען און אויפהענגען איבער דער טיר פון זייער הויז. און זיין טאַטע וועט אויך ווערן רייך. וועט ער קויפן אַ מאַשין, וועט ער יעדן זונטיק פאָרן צו די פעטערס אין די בראָנקס און קיין לאָנג איילאַנד. און באַ זיי וועלן אויך זיין אַזוי פיל צימערן, מיט לאָמפּן. אין קאָפּ האָט גענומען שווינדלען.

אַ ווײַלע איז ער געזעסן און ניט אַראָפּגענומען דאָס אויג. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז עמיצער שטייט הינטער אים און רעדט:

— נו, נישט געטראַכט. שטעל זיך אַרויף אַפן בענקל און אַלץ וועט מיטאַמאָל ווערן אַנדערש. דו דאַרפסט נאָר ווע‍לן און ס׳וועט ווערן גוט. שטיי־זשע ניט לאַנג, ווײַניקער געקלערט. וואָרים אויב דו וועסט עס ניט טאָן איצט, וועסטו עס שוין קיינמאָל ניט באַקומען. איצט איז די צײַט. נעם, און פּאַרטיק!

האָט ער שוין נישט געקאָנט אַנדערש. איז ער שטיל צו־געגאַנגען, זיך אַרויפגעשטעלט אַף אַ בענקל, באַדעקט מיט רויטן סאַמעט און אין איין מינוט איז די פּאַדקאָווע שוין געלעגן אין זײַן קעשענע.

מיט לײַכטע טריט איז ער אַרויס פֿון צימער.

און שפּעטער, ווען ער איז צוריקגעפאָרן אַ היים, האָבן די גאַסן־לאָמפּן געלויכטן מיט אַ וואונדערלאַכן ליכט. אין אים און אַרום אים איז געווען אַ גרויס גליק. ער האָט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. צי זאָל ער זינגען הויך אַף אַ קאָל צי גאָר אויסשרייען אַזוי אַז אַלע זאָלן הערן:

— עס וועט ווערן אַנדערש! איצט וועט זיכער ווערן אַנדערש.

די נאַכט, די שטערן אַפן הימל, די אײַנגעשטילטע גאַסן, אַלץ, אַלץ האָט געזונגען און אָנגעפילט דאָס האַרץ מיט גרויס האָפנונג.



# שרעק

## קאַפּיטל דריי

אַ גרויער פרימאָרגן. אין לופטן טראָגן זיך בלאַסינקע שניי-שטערנדלאַך. שוואַך און מיד פאַלן זיי צו דער ערד, טויטע. אַ טרער פאַרגאָסן און ניט מער. און די טרערן-נאַסקייט קריכט אין די ביינער אַריין. מאַכט שלעפעריק און דערוועקט אַ ביישעק נאָך היימלאַכער וואַרעמקייט. די גאַס וועקט זיך, שווער און פויל. די „קאַרס" שלעפּן זיך פּאַ-מעלאַך, אַזוי ווי זיי וואָלטן מוירע געהאַט, זיי זאָלן זיך נישט אויסגליטשן. די מענטשן אָבער לויפן אין איילעניש, ווי עמי-צער וואָלט זיי אָנגעטריבן.

די קינדער גייען אין שול אַריין. מוטיק און דרייסט.

פון פאַרשידענע זייטן קומען זיי. די ביכער איינגעשנירט
אין ענגע רימענדלאַך. די קלענערע האַלטן זיך בא די
הענט פון די מאַמעס. די גרעסערע באַגריסן זיך פון ווייטן:
— העלאָ! העלאָ!

דער פּאָליציימאַן וואָס שטייט דאָ שטענדיק שטרענג-באַ־
פעלעריש, ווערט מיטאַמאָל ווייכער. אַלע מאָל, ווען קינדער
קומען אָן, ווערט ער ווי איבערגעביטן. פאַר אַ קליינער
ווײַלע ווערט ער שטיפעריש און דער גאַנצער פּאָנים זיינער
שמייכלט. צי דערפאַר וואָס ער אַליין האָט אַ קליין באָכערל,
אַ פיר־יאָריקן זונדל, וואָס דערפרייט אים זיין לעבן, צי דער־
פאַר וואָס ער האָט בעטעווע ליב קליינוואַרג. די
מענטשן פון די אַרומיקע גאַסן האָבן עס געוואוסט. פונקט
ווי ער קען זיין האַרט און באַפעלעריש, קען ער אויך
זיין ווייך־נאָכגיביק, צו קינדער. און דערפאַר טאַקע האָבן
זיי אים גערופן: „בייבי דזשאָן!"

היינט האָט ער מער ווי אָן אַנדערש מאָל אכטונג געגעבן,
אַז די קינדער זאָלן געזיכערט אַריבערגיין די גאַס. עס איז
געווען גליטשיק. און צוויי „קאַרס" זיינען דאָ געלאָפן אַרויף
און אַראָפּ. שטאַרק ברייט איז די גאַס ניט געווען. פאַר
עטלאַכע מינוט האָט ער אויפגעהאַלטן דעם פאַרקער. האָט
ער צוגעוואונקען און געזאָגט:

— זייט ניט פויל, כעוורע! אין שול אַריין מוז מען
גיין. די וואָס ווילן שלאָפן, קאָנען זיך אומקערן אַהיים.

די קינדער האָבן אים פריינטלאַך באַגריסט:

— העלאָו, דזשאָן. אַ שיינער טאָג היינט, ניט?

בעני איז געגאַנגען אָן כיישעק. די היים־אַרבעט האָט ער ניט געהאַט. און געוואוסט האָט ער, אַז מיס בראַון וועט אים שטראָפן מיט האַרבע רייד. די לערערן, מיס בראַון, איז געווען אַ יונגע, שלאַנק און שיין. זי האָט געהאַט טיף־בלאָנדע האָר. דערפון איז שוין דער פּאָנים אויך געווען בלאָנד. ניין, אינגאַנצן איז זי געווען אַזוי ליכטיק. איר קאָל אַפילע איז געווען אַזוי בלאָנד — לייכט און גלאַטיק ווי אַ בלאָנדער סאַמעט. שטענדיק האָט זי געהאַט אַ שמייכל אַרום די ליפּן. שטענדיק איז זי געווען גוט און צוגעלאָזן. דערפאַר טאַקע האָט מען זי ליב געהאַט. די קינדער, וואָס האָבן באַדאַרפט אָנקומען צו איר אין קלאַס, האָבן זיך גע־פרייט ווי מיט אַ באַשערטן גליק. אָבער ווען זי האָט אָנ־געהויבן זאָגן מוסער, האָט עס שטאַרק ווײ געטאָן.

און ווען בעני איז איצט אַזוי געגאַנגען, האָט ער זיך שוין פאָרגעשטעלט. וואָס ס׳וועט זיין, ווען מיס בראַון וועט אים אויסרופן ער זאָל זאָגן די פּאָעמע אָף אויסנווייניק. זי וועט אים דאָך זיכער אויסרופן. זי קאָן מען ניט אָפּנאַרן. זי דערקענט שטענדיק, ווער ס׳האָט ניט צוגעגרייט די היים־אַרבעט.

אַזוי טראַכטנדיק איז ער צוגעקומען צו דער שול. די פּרינציפּאַל, מיס סמיט, איז געשטאַנען אָף די טרעפּ אונטער אַ שירעם. פון ווייטן שוין האָט זי יעדן באַטראַכט, ווי אַזוי מ׳פירט זיך אויף נאָענט פון שול.

זי איז שוין געווען אַן עלטערע פרוי, די מיס סמיט. מער ווי דרייסיק יאָר, אַז זי לערנט גוטע מידעס. אַ טייל פון אירע

שילער זיינען היינט וויכטיקע מענטשן. לאָיערס, דאָקטוירים, באַנק-דירעקטאָרן און גרויסע פּאַטריאָטן. אַלע ווייזן איר אַרויס גרויס דערעך־ערעץ.

מים סמיט ווייסט, אַז מ׳טוט דאָס נאָר צוליב אירע גרויע האָר. ווייל ליב האָט מען זי ניט. אַמאָל האָט עס איר ווי געטאָן. היינט אָבער איז עס איר שוין אַלץ איינס. זי איז צופרידן וואָס מ׳האָט פאַר איר מוירע. וואָרים זי איז דאָך נאָך אַלץ די פּרינציפּאַל. און דאָ האָט זי די דייע. דאָס איבריקע גייט זי ניט אָן. זי טראָגט קליידער, וואָס זיינען שוין לאַנג אַרויס פון דער מאָדע. און פון אַזאַ קאָליר, וואָס מ׳פלעגט טראָגן נאָך אין דער באָבעס צייטן. און ס׳אַרט זי גאָר ניט וואָס די שילערינס פון עלטסטן קלאַס, לאַכן פון איר הינטער די פּלייצעס.

פאַר איין זאַך האָט זי אָבער מוירע. זי ווייסט עס אויף זיכער. ס׳וועט נעמען נאָך אַ יאָר, נאָך צוויי, וועט זי גיין אַף פּענסיע. זי וועט זיצן באַ זיך אין־דער־היים, אין יאַנקערס. זי וועט שוין איבער קיינעם ניט באַפעלן, וועט זי ניט וויסן וואָס צו טאָן מיט זיך. עס וועלן איר אויספעלן די מאַכנעס קינדער. זי וועט בענקען נאָך זיי. אָבער עס וועט איר גאָרנישט העלפן. עס וועט שוין זיין נאָך אַלעמען. זי וועט שוין עפּשער אינגאַנצן זיין אַן איבריקע. וועט זי אָפּדרעמלען אירע לעצטע פאַר יאָר אין איינזאַמקייט. פרעמד און ווייט פון אַלץ. זי שרעקט זיך פאַר אָט דער צייט, מער ווי פאַרן טויט. און פון גרויס שרעק דערוועקט זיך באַ איר אַ ווילן צו הערשן און באַפעלן. דער פאַרלאַנג צו געוועל־

טיקן, ווערט מיט יעדן טאָג מער פאַרשטאַרקט. ווערט איר פּאָנים אַלץ מער אָנגעצויגן־שטרענג. נעמט זי מיטן בליק אַדורך יעדעם קינד, וואָס קומט איר אַנטקעגן. זי באַפעלט און מושטירט:

— גיב נאָר אַ קוק אַף דיינע הענט. און ווי אַזוי האָסטו זיך פאַרקעמט היינט? איך וויל דאָס אַ צווייט מאָל ניט זען. געהערט, צי ניין?

אַזוי איז זי אויך געווען היינט. גרוי־בייז, ווי דער גאַנצער דרויסן.

די קינדער האָבן עם דערפילט פון וויטן, האָבן זיי זיך איבערגעגעבן:

— מיס סמיט איז היינט טראַ־לאַ־לאַ!

ווען בעני איז פאַרבייגעגאַנגען, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז זי מעסט אים אָפּ מיט אירע בליקן, פון קאָפּ ביז צו די פיס. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז. . . זי ווייסט שוין, וואָס ער האָט נעכטן געטאָן.

האָט ער אַריינגעלייגט די הענט אין קעשענע. יאָ, עס ליגט. ער האָט עס אָנגערירט מיט דער האַנט. און געדאַכט האָט זיך אים, אַז ס׳בלישטשעט אַרוים פון יענעם באַהעל־טעניש. עס רעדט צו אים אַף אַ מאָדנער שפּראַך:

— היט מיך אָפּ. דיינע כאַווערים וועלן עס צונעמען ביי דיר. זאָלסט עס זיי ניט געבן. איך וויל זיין בא דיר. מיט דיר.

שטיל איז ער אַריין אין קלאַס. מיס בראַון איז אַריינ־געקומען אַ לאַכנדיקע:

— גוט-מאָרגן, קינדער. מיר האָבן נעכטן געהאַט אַ יאָנטעוו. לינקאָלנס געבורטס-טאָג. נו, וויל איך היינט צו אייך ריידן וועגן דעם מענטשן, וואָס האָט אַזוינע גרויסע פאַר־דינסטן פאַר אונזער לאַנד. ער איז געווען ערלאַך ביז גאָר. פון אַ פּאָשעטן בירגער האָט ער זיך, מיט זיינע אייגענע קוי־כעס אַרויפגעאַרבעט צו זיין דער פּרעזידענט פון אונזער לאַנד. ער איז אַמאָל געלאָפן גאַנצע מיילן צוליב אַ פּעני, וואָס אַ פרוי האָט אים דורך אַ טאָעס געגעבן. ער איז דעמאָלט געווען אַן אָנגעשטעלטער אין אַ שפּייז-קראָם. ער האָט שטענדיק ראַכמאָנעס געהאַט אויף אָרימע. ער האָט זיין לעבן אָפּגעגעבן פאַר דער באַפרייאונג פון די נעגערס. ער האָט אָפּגעשאַפט שקלאַפעריי. ער האָט ליב געהאַט אַמעריקע. ער איז געווען דער עמעסער קאַפּיטאַן, וואָס פירט זיין שיף דורך גרויסע שטורעמס און דערפירט צו אַ זיכערן ברעג. ניט איינ־מאָל האָבן ווילדע כוואַליעס געוואָלט פאַרשלינגען זיין שיף. אָבער דער קאַפּיטאַן האָט געהאַלטן פעסט דעם רודער אין האַנט. אָ קאַפּיטאַן, מיין קאַפּיטאַן!

זי האָט גערעדט באַגייסטערט, און מיט די בליקן האָט זי דורכגענומען יעדן איינעם, אַזוי ווי זי וואָלט וועלן זאָגן:

— געדענקט, קינדער. נעמט אייך אַביישפּיל. זייט אויך אַזוי און איר וועט אויסוואַקסן גרויסע מענטשן.

בענין האָט זיך געדאַכט, אַז מים בראַון קוקט אויף אים מער ווי אויף אַלע. צו אים רעדט זי די דאָזיקע רייד. זי ווייסט שוין פאַרוואָס זי דאַרף היינט צו אים ריידן. זי ווייסט אַלץ. זי האָט שוין אויסגעפונען וואָס ער האָט נעכטן געטאָן.

אַלע מאָל ווען מים בראַון האָט אויף אים אַ קוק געטאָן האָט ער באַהאַלטן דעם קאָפּ. זי האָט אים ניט אויסגערופן ער זאָל זאָגן די פּאָעמע „אַ קאַפּיטאַן, מיין קאַפּיטאַן“.

דעם גאַנצן אינדערפרי איז ער געזעסן אומגעדולדיק. ער האָט געוואַרט אָפן איבעררייס. ווען דאָס גלעקל האָט אַ קלונג געטאָן איז ער גלייך אַראָפּ אין הויף. מ׳האָט דאָ געשפּילט און געשריען. סעמי איז אויך געווען. ער האָט געשמאַק געגעסן אַ סענדוויטש. סעמי איז אַלט געווען צוועלף יאָר. שטענדיג איז ער אַרומגעגאַנגען אָן אַ היטל, זיינען די האָר בײַ אים געווען צעשויבערט. ער איז געווען אַ שטאַר־קער יונג. ער האָט געקאָנט דערלאַנגען אַ זעץ, מ׳זאָל פילן. אַלע האָבן פאַר אים מוירע געהאַט.

— בעני, האָט סעמי אַ רוף געטאָן, — היינט פאַרנאַכט שפּילן מיר מאַרבל. אַלע וועלן זיין.

— וואו?

— וואָס הייסט, וואו — דו ווייסט ניט? אָפן בריק. וועסטו קומען? אָט איז דאָך אויך ווינטעלאָ מיט דזשייקין.

ווינטעלאָ איז געווען אַן איטאַליענער. געכאַוועט האָט ער זיך נאָר מיט אידישע אינגלאַך. גערעדט האָט ער גיך, און האָט זיך שטענדיק געקאָכט. ער איז געווען נידריק און פעט. דאָס פּאָנים טונקל, און פון הינטערן היטל האָבן אַרויסגע־פונקלט קליינע, שוואַרצע אויגן. דערצו האָט ער געקאָנט מאַכן פאַרשידענע קונצן. גיין אַף די הענט און איבערקייקלען זיך אין דער לופטן.

— העי, סעם, — האָט ווינטעלאַ אויסגערופן, — דער־
צייל נאָר פון דיין נעכטיקן געשלעג.

סעם האָט זיך ניט געלאָזט בעטן:

— נעכטן גיי איך מיר אַזוי אַפּן בריק. פלוצלונג דער־
פיל איך אַ זעץ אין קאָפּ. איך טו זיך אַ דריי אוים, קיינער איז
ניטאָ. אַהאַ, טראַכט איך מיר, עמיצער וויל אָפּטאָן אַ שפּיצל.
און כ׳גיי מיר ווייטער. איך מאַך איין טראָט, אַ שטיינדל
פּאַלט מיר אין האַלז אַריין. גיי איך שוין צוריק. דאָ גיב
איך אַ קוק, אין דער זייט, אונטער צונויפגעלייגטע בענק, ליגן
דריי כעוורע און לאַכן. מיט איין שפּרונג בין איך לעבן זיי:
„איר האָט געוואָרפן?" רוקט זיך מיר אַרוים איינער:
„יאָ, מיר האָבן געוואָרפן. איז וואָס? טו אונז עפּעס!
פאַרוואָס טוסטו ניט?" האָב איך שוין איינמאָל געטאָן! אז
איך האָב זיי אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט, איינעם און דעם
אַנדערן און דעם דריטן. נאָך אַ מינוט, און איך מאַך פון
זיי. . . איז אָבער אָנגעקומען אַ „קאָפּ". זייער גליק. זיי
וואָלטן שוין באַ מיר לעבעדיקע ניט אַרוים.

ער האָט דערציילט פּינקטלאַך. מ׳האָט אים געמוזט
גלויבן. ווינטעלאַ האָט אים געקלאַפּט אין פּלייצע:

— סעמי, דו ביסט אָלרייט! זיי וועלן שוין דאָס אַנדערע
מאָל ניט וואַרפן.

און באַלד טאַקע האָט ער אַליין גענומען דערציילן:

— איך בין נעכטן געווען באַ מיינעם אַ פעטער אין
פלעטבוש. אַי האָב איך דאָרטן געגעסן! ס׳איז געווען גע־
קאָכטע פלייש און געטרוקנטע פלייש און שפּאַגעטי און טאָרט

און ווייַן. און פון אַלץ אַ סך. איך בין אַהיים געקומען עפּשער זייגער פיר פאַרטאָג.

— בעני, וואו ביסטו געווען? — האָט איצט דזשייקי אַ פרעג געטאָן.

— איך? איך בין געווען באַ אַ באַר-מיצווע פּאַדי.

— וואָס איז דאָס? — האָט ווינטעלאַ זיך געוואונדערט.

— אַ באַר-מיצווע פּאַדי, — האָבן אַלע מיטאַמאָל גענומען דערקלערן, — איז אַזאַ פּאַדי וואָס מ'מאַכט פאַר אידישע אינגלאַך, ווען זיי ווערן אַלט דרייצן יאָר. דאָס אינגל האַלט אַ רעדע — גיט מען אים מאַטאָנעס. דערנאָך דאַרף ער אָנטאָן אַזעלכע שווארצע קעסטלאַך אױף דער האַנט און אױפן קאָפּ...

ווינטעלאַ האָט געגאַפט:

— דזשי, דזשי! גאַד... איך וואָלט אַמאָל וועלן זיין באַ אַזאַ פּאַדי. וועסט מיך רופן, בעני, ווען ס'וועט זיין באַ דיר?

סעמי האָט זיך צעלאַכט:

— נאַרישער וואָפּ, דאָס איז דאָך פאַר אידן!

דאָס גלעקל האָט גערופן אין די קלאַסן.

אָבער דער טאָג האָט זיך שוין געצויגן לאַנג. די באַגעגעניש מיט כאַווײרים, דאָס איבעררײדן פון נעכטיקע פּאַסירונגען, דאָס אַלץ האָט באַ בענין דערוועקט אַ כײשעק צו זיין אין דרויסן. דאָס גאַנצע לערנען איז אים ניט מער געקראָכן אין קאָפּ אַריין. און ווען ער האָט באַדאַרפט לייענען פאַרן קלאַס, האָט זיין קאָל געציטערט. מיס בראַון האָט פאַרוואונדערט אַ פרעג געטאָן:

— בעני, וואָס איז דיר היינט, עפּשער ניט געזונט?

בעני האָט ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס זי פרעגט דאָס. האָט ער אָפּגעענטפערט:

— ניין, ס'איז גאָרניט. דער קאָפּ טוט מיר וויי.

און אַ באַהאַלטענע שרעק האָט זיך באַוויזן אין זיינע אויגן.

— זעץ זיך אַוועק, — האָט מיס בראַון אים באַרואיקט.

— זיץ־נאָר און הער זיך צו.

אינגאַנצן רואיק איז ער ניט געווען. ווייל טיף אין האַרצן האָט געריעדט אַ קאָל: „זי ווייסט אַלץ! באַלד וועט זי עס דערציילן פאַרן גאַנצן קלאַס." ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז מיס בראַון רופט אים אַרויס. זי זוכט אין אַלע זיינע קעשענעס. זי געפינט עס און פרעגט:

— וואָס איז דאָס, אַ מאַטאַנע?

ענטפערט ער גלייך אָפּן אָרט:

— יאָ, אַ מאַטאַנע.

אָבער פון זיין ניט זיכערן בליק דערקענט זי. זי קוקט אים גלייך אין די אויגן אריין. צעוויינט ער זיך. און וויינענדיק דערציילט ער דעם גאַנצן סאָד. די קינדער זיצן שטיל און הערן זיך איין. זיי דרייען אוים די קעפּ אין אַן אַנדערער זייט. זיי ווילן ניט קוקן אַף אים. און מיס בראַון האַלט אין איין פרעגן:

— וואו האָסטו עס גענומען, בעני? דו האָסט געטאָן

אַזאַ זאַך, דו? ווי אַזוי איז דאָס געשען? און איך האָב דיך געהאַלטן פֿאַרן בעסטן אינגל.

עס קומט אַריין מים סמיט. מים בראַון זאָגט איר עפּעס אָפּן אויער און עס דערהערט זיך אַן אויסגעשריי, אַזאַ צעשראָקענער. די מים סמיט איז בייז. זי טופּעט מיט די פֿיס, דראָט, און שלעפּט אים אַרויס פֿון דאַנען. דאָרטן שטייען נאָך אַנדערע לערער. זיי הערן זיך איין, וואָס מים סמיט דערציילט, דערנאָך גייען אַלע צו און לאַכן אים גלייך אין פּאָנים אַריין.

פֿון די אַלע טראַכטענישן האָט דער קאָפּ ווייט געטאָן.

דורך די פֿענצטער האָט אַ שיין געטאָן אַ זון, ווי אינמיטן זומער. אין קלאַס איז געוואָרן ליכטיק און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז די זון איז געקומען רופֿן די קינדער אין דרויסן אַרויס. זי איז געקומען אָנזאָגן אַ בשורה: איך האָב טרוקן געמאַכט דעם דרויסן. קומט אַרויס און שפּילט זיך. שפּילט זיך, וויפֿיל אייער האַרץ גלוסט, קומט!

בעני טראַכט: איך וועל די זאַך מער ניט מיטנעמען אַהער. איך וועל זי באַהאַלטן, אַזוי, אַז קיינער וועט ניט וויסן וואו זי געפֿינט זיך. קיינער ניט.

איצט איז מען שוין אַהיימגעגאַנגען. ער איז אַרויסגעלאָפֿן דער ערשטער. באַ דער טיר שוין האָט אים מים בראַון אָפּגעשטעלט:

— וואַרט, בעני, איך וויל מיט דיר עפּעס ריידן.

האָט ער געוואַרט.

ווען אַלע זיינען אַרוים פֿון קלאַס איז מים בראַון צוגע־
קומען:

— בעני, מיינסט איך ווייס ניט, אַז דו האָסט היינט ניט געהאַט דיין היים־אַרבעט? איך האָב דיך ניט געוואָלט פֿאַר־שעמען. אָבער דאָס איז ניט שיין געווען. דעם גאַנצן טאָג האָסטו זיך פֿאַר מיר אויסבאַהאַלטן. האָסט באַדאַרפֿט פֿאַר דער לעקציע צוקומען און זאָגן: „לערערן, איך האָב ניט געבראַכט די היים־אַרבעט". וואָלט איך דיר געווען אַנט־שולדיקט. איך קען דיך, איך ווייס, אַז דו ביסט נישט פֿויל. אָבער אַזוי דעם גאַנצן טאָג זיצן, דאָס איז ניט שיין. איך וויל עס פֿון דיר מער ניט זען, פֿאַרשטייסט?

און זי האָט אים מיט איר ווייכער האַנט אַ גלעט געטאָן איבערן פּאָנים.

אין דרויסן איז בעני שטיין געבליבן. אַזאַ טיפֿע ליב־שאַפֿט איז געוואַקסן צו מיס בראַון.

די זון האָט נאָך געשיינט. דער רויטער גלאַנץ איז גע־פֿאַלן גלייך אַף די שויבן פֿון דער שול, ס'האָט זיך געדאַכט, אַז די גרויסע, גרויע געביידע האָט מיט אַמאָל אויפֿגעלויכטן און זי לאַכט צו די קינדער, וואָס גייען אַוועק און וועלן מאָרגן דאָ ווידער זיין. זי לאַכט מיט דעם געלעכטער פֿון אַ פֿריינט, וואָס איז שטענדיק גרייט צו טאָן נאָר גוטס.

עס האָט ניט געדויערט קיין האַלבע שאָ, איז ער שוין געווען אַף דער בריק. דאָ האָבן שוין געוואַרט זיינע כאַ־ווירים, דזשייקי, סעם און ווינטעלאַ. עס איז געווען טרוקן. אַהער איז נישט דערגאַנגען דאָס קלאַפּן פֿון אָטאָמאָבילן און

באַנען. דער געוויש פון ניו יאָרקער דאַנטאַן האָט זיך דאָ אַף דער בריק איבערגעבראָכן, אַנטשווינן געוואָרן און אין וואַסער אריין.

דערזען בעניך, האָבן זיך אַלע דערפרייט:

— בעני קום אהער, מיר האָבן שוין אָנגעהויבן.

בעני איז געווען אַ גוטער מאַרבל-שפילער. ער איז צוגעגאַנגען פּאַמעלאַך, ניט געאײַלט זיך, און גענומען צילן. ניט געטראָפן. נאָך אַמאָל דאָסזעלבע. סעמקע האָט זיך צעלאַכט:

— קוקט נאָר אָן דעם געווינער פון פּרייז! ער ווייסט דאָך אַפילו ניט ווי אַזוי צו האַלטן דעם מאַרבל אין האַנט. באַם קאָנטעסט וועסטו שוין געווינען. קאָנסט זיך ריכטן.

— ער האָט דען באַקומען פאַר שפּילן דעם פּרייז? הייבט זיך גאָרניט אָן. ניט מער, ער זיצט אין קלאַס שטענדיק ווי אַ קעצעלע, האָט דער לערער אים געגעבן אַ פּרייז. ניט עפּשער?

אַלע האָבן צוגעשטימט. בעני האָט נאָך אַמאָל גענומען דעם מאַרבל. אַ וואָרף געטאָן און ניט געטראָפן. ער איז געבליבן שטיין אָן לאָשן.

דערווייל איז געוואָרן נאַכט. פון אַלע זייטן האָבן גענומען אויפבליצן געל-רויטע לעמפּלאַך. איבער דילענסי-גאַס האָט זיך מיטאַמאָל אַ גאַס געטאָן אָן אַ שיר ליכט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַ רויטער טייך האָט פאַרפלייצט די גאַסן און רייסט אַלץ מיט. פאַרשידענע נעמען האָבן געלויכטן אין דער הויך. די „יונייטעד-סטייטס-באַנק" האָט אינמיטן נאַכט

דערציילט וועגן איר גרויסן פּאַרמעג און גערופן, מ׳זאָל איר אָנפּאַרטרויען דאָס גאַנצע געלט. פּייעריקע ווערטער האָבען דערציילט וועגן גרויסע גליקן וואָס מ׳קאָן געפינען, דאָ אין דילענסי־גאַס. און הינטער דער בריק, אַפּן וואַסער, האָבן זיך געהוידעט קליינע שיפלאַך, מיט גרינע לעמפּלאַך פון פאָרנט. צייטנווייז האָבן זיי אַ ברום געטאָן און זיינען זיך ווייטער געגאַנגען. די גרויסע וואולוואָירט־בילדינג האָט אַרויסגעשטאַרצט ווי אַ שוואַרצער ריז, וואָס איז געקומען שרעקן. נאָר דאָס ליכט פון אויבן האָט געלויכטן און באַרואיקט.

בעני איז געשטאַנען, געקוקט אַף אָט דער פּיל־קאָלירטער בלענדעניש. זיינע אויגן זיינען געווען אָנגעשטרענגט.

— קום אַראָפּ, בעני, — האָט אים סעמי אַ צי געטאָן ביים אַרבל. — דו ביסט ברויגעז?

— ניין, פּאַרוואָס?

— וואָס־זשע שטייסטו אַזוי אין אַ זייט?

—איך קוק. דו זעסט ווי שיין דאָ איז?

— צום ערשטן מאָל זעסטו דאָס?

— ניין, נאָר היינט דאַכט זיך מיר, אַז איך זע דאָס צום ערשטן מאָל.

— אָ, קום אַראָפּ! אַלע גייען שוין.

אַף די טרעפּ האָט בעני שטיל אַ זאָג געטאָן:

— סעמי, איך וויל דיר עפּעס זאָגן.

— וואָס?

— איך וויל דיר עפּעס ווייזן. וואַרט ביז אַלע וועלן אַוועקגיין.

— קום אונטערן בריק. אָבער זאָלסט קיינעם ניט זאָגן.

— ניין, קיינעם ניט. דו ווייסט, אַז איך זאָג ניט.

זיי זיינען אַראָפּ. אונטן האָט מען זיך געזעגנט אַזוי ווי צו גיין אַהיים. אָבער באַלד האָבן זיי זיך אויסגעדרייט צו־ריק. זיי זיינען אַריין טיף אין דער פינצטער און דאָ האָט בעני גענומען אויפּפּאַקן אַ קליין פּעקעלע.

סעם איז שטיין געבליבן אַ פאַרגאַפטער:

— ס'איז דיינס? וואו האָסטו עס גענומען? זאָג? אַזאַ טייערע זאַך. דו ווייסט וואָס דאָס איז?

בעני האָט שטיל גערעדט:

— אַוואַדע ווייס איך וואָס דאָס איז. דאָס ברענגט מאַזל. אַהאָ, איך ווייס שוין גוט. וואָס דען האָסטו געמיינט, איך ווייס ניט? איך ווייס!

אַ ווײַלע האָבן ביידע זיך איינגעקוקט. מיט פאַרכאַפּטן אָטעם האָט סעם אַ פרעג געטאָן:

— בעני, וואו האָסטו עס גענומען? געפונען?

בעני האָט זיך אָפּ אַ רעגע פאַרלוירן. דערנאָך האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— געפונען. איצט וועט מיין טאַטע ווערן רייך. וועל איך האָבן אַלץ וואָס איך וויל. און דו ביסט דאָך מיין בעס־טער כאַווער, וועסטו אויך האָבן. דו וועסט זען. אָבער דער־ווייל זאָג קיינעם ניט.

ער האָט אַ ווײַלע נאָכגעקלערט:

— ווייסט, סעמי, איך וועל עס דיר געבן אַף צוויי וואָכן, וועט דײַן טאַטע אויך ווערן רײַך. דערנאָך וועסטו עס מיר צוריקגעבן. גוט?

— גוט.

לאַנג זײַנען זיי דאָ געשטאַנען און געטראַכט וועגן דעם, ווי אַזוי עס וועט אויסזען די וועלט, ווען זייערע טאַטעס וועלן שוין זײַן רײַך.

אַהיים זײַנען זיי געגאַנגען אַרומגענומען מיט ביידע הענט. עס איז זיי געווען גוט.

סעם האָט געקויפט אײַז־קרים. בעני האָט פאַר די לעצטע צוויי סענט געקויפט נים.

זיי האָבן זיך אָפּגעזעגנט:

— מאָרגן, אַף דער בריק, יאָ?

— אַף דער בריק! אַ גוטע נאַכט.

— אַ גוטע נאַכט.



# מאַמע דו וויינסט?

## קאַפּיטל פיר

אַ גאַס אַזאַ. שטענדיק איז זי איינגעהילט אין פינצטער־ניש. ווי אַ טיפער דורכגאַנג אונטער דער ערד. ס׳דאַכט זיך, אַז מ׳שטעלט אַהער אַריין אַ פוס, ווערט מען פאַרבלאָנדזשעט אין פאַרבאָרגענע היילן. פון דאַנען קאָן מען שוין קיימאָל ניט אַרויס. אָבער ניין. דאָ לעבן מענטשן, זיי וויסן; דאָ איז ניט קיין הייל: נאָר אַ גאַס אַזאַ אינמיטן ניו יארק.

איבערן קאָפּ לויפן באַנען. זיי שפּאַלטן די פינצטערע געדיכטעניש, וואָס האָט זיך צעלייגט ווי אַ פאַרגליווערטער אומעט.

עלען סטריט. אַן אָרימע גאַס. אין דער גאַנצער לענג זיינען פאַראַן קעלערס, רעסטאָראַנען, קראָמען פון הערינג, פּוטער און קעז. שטענדיק ברענען דאָ עלעקטרישע לעמפּ־

לאָך? ווייסט מען ניט, ווען האָט זיך אָנגעפאַנגען דער טאָג און ווען די נאַכט. אָפט דאַכט זיך, אַז פון דער גאָרער וועלט האָט זיך אַהער פאַרקליבן אַ בייזע אָרימקייט און וויל גאָר ניט אָפּטרעטן. דאָ האַלט זי זיך אויף, ווי אין אַן איינגעפונדעוועטער נעסט. דאָ ראָיעט זי זיך, און פאַרמערט זיך איבערן גאַנצן דאַנטאָן.

דערפאַר גייען די מענשן אַרום מיט נאַכט אין די אויגן. מיט פאַרוואָלקנטע פענימער זוכן זיי דאָס ליכט פון טאָג און קאָנען ניט געפינען. ווייל דאָס ליכט איז פאַרהוילן. און די לופט איז שווער, ווי פאַר אַ רעגן.

אָבער אַמאָל, ווען אומעטום האָבן זיך צעבליט זוניקע טעג, טעג פול מיט לויטערקייט און פרייד, קומט אַהער אויך אַריין אַביסל שיין. ווערן די געמיטער פריילאַכער, די טונקלקייט בלאַסער.

און אַזעלכע טעג זיינען איצט געווען.

סאָף כוידעש דעצעמבער און נאָך זיינען די נאָכמיטאָגן געווען אָנגעוואַרימט ווי אינמיטן זומער. יעדער נייער טאָג איז געווען ווי אַ מאַטאָנע. און געדאַכט האָט זיך, אַז דער ווינטער איז ערגעץ-וואו פאַרפאַלן געוואָרן. ער וועט שוין דאָס יאָר ניט קומען.

סעם איז געווען צעטראָגן. זיין שליטן איז שוין געשטאַנען אָנגעגרייט. די ניי-באַשלאָגענע אייזנס האָבן געגלאַנצט, ווי אָנגעשאַרפטע מעסערס, נאָר קיין שניי איז ניט געווען. איז ער אַרומגעגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטער נאָז. עס האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן. נאָר אָט איז געקומען

אַן אָנזאָג. די צייטונגען האָבן געלאָזט וויסן. פון דער ווייטער וועסט טראָגט זיך אַהער אַ קאַלטע כוואַליע. אין שיקאַגאָ איז אויסגעפאַלן אַ טיפער שניי. די גאַנצע שטאָט איז באַשאָטן, מען קאָן ניט אַרויס אין גאַס. היינט-מאָרגן וועט זיך דער שניי אָנטראָגן אַהער און מיר וועלן האָבן ווינטער.

סעמי האָט זיך דערפרייט. ער האָט נאָך אַמאָל באַטראַכט זיין שליטן. יאָ, ער איז געווען פאַרטיק, זיך אַ לאָז צו טאָן פון דער בריק אין אַ גאַלאָפּ.

פאַרנאַכט האָבן זיך אָנגעטראָגן לייכטע ווינטן. פון אַלע זייטן זיינען זיי געקומען. אין די אָרימע הייזער האָבן זיי אַריינגעשריען:

— ס׳וועט ווערן קאַלט, דער ווינטער קומט!

אָבער די גרויסע אַפּאַרטמענט-הייזער האָבן זיך געמאַכט ניט וויסנדיק. וואָס קען זיי טאָן דער ווינטער? די גרויסע קעסלען אין די קעלערס האָבן אָנגעהויבן צו קאָכן און זידן. די הייסע פאַרע האָט זיך אַ טראָג געטאָן דורך די רערן ביז צו די אויבערשטע צימערן. אַ נעגידעשע ווארעמקייט האָט זיך אויסגעשפרייט אין די לאַנגע קאָרידאָרן. זי האָט אַרומגענומען און געטרייסט: „אייך וועט דער ווינטער ניט פרירן. זייט רואיק. די קעסלען קאָכן.

דער דאַנטאַן האָט געציטערט פאַר קעלט. די גאַז-אייוועלאַך האָבן געברענט אַף אַלע פלאַמען. אָבער מער ווי אַ ווינקל האָבן זיי ניט געקאָנט אָנוואַרימען.

סעמס מאַמע דרייט זיך אַרום איבערן צימער, דאָס האַרץ שרעקט זיך איר. ס׳קומט אַזאַ לאַנגער ווינטער. און וואָס

אַנצוטאָן איז ניטאָ. פון קוילן רעדט מען שוין ניט. וואָרים וואו וועט מען נעמען קוילן, אַז קיין אַרבעט איז ניטאָ? דער מאַן גייט אַלע טאָג אַוועק און קומט צוריק מיט גאָרניט. איז ער דעם גאַנצן טאָג שוין אַזאַ דערצאָרנטער. מ׳קאָן מיט אים קיין וואָרט ניט ריידן. איז נאָר ער קריגט זיך. דאָס הויז איז אַ געהענעם. אָט וועט ער קומען און טרעפן סעמין שלאָפן, וועלן זיך אָנפאַנגען געוואַלדעס. ער וויל סעם זאָל שוין גיין אַרבעטן און פאַרדינען. וואָס קאָן אַ קינד פון צוועלף יאָר טאָן? עמעס, סעם איז טאַקע ניט פון די גאָר וואוילע. ער רעדט אָנטקעגן. אין שול אַריין וויל ער ניט גיין. און אַז ער גייט שוין יאָ, לערנט ער גאָרנישט. די לערערן באַקלאָגט זיך שטענדיק אויף אים.

זי דרייט זיך אַרום און ווייסט ניט וואָס צו טאָן מיט זיך. זי גייט פאַרביי דעם שפּיגל און דערזעט זיך. זי איז אינגאַנצן פאַרענדערט. די אויגן זיינען טיף פאַרזונקען. מ׳זעט זיי שוין באַלד ניט אַרויס. און רויט זיינען זיי, פון שטענדיקן וויינען, ווי אָנגעצונדן פון פיבער. און די הויט אָפן פּאָנים איז דין־דורכזיכטיק. אַ ווײַלע האָט זי אָף זיך אַליין ראַכמאָנעס. זי דערפילט אַ גרויסע געבראָכנקייט אין האַרצן. אין קאָפּ טראָגן זיך שווערע געדאַנקען, זיי טרייסלען אויף דאָס געמיט און פאַרלעשן יעדוועדע האָפנונג.

נאָר אָט פאַלט איר פייכטער בליק אָף סעמין. זיין רויטער קאָפּ ליגט אָפן קישן ווי אַ צעפלאַמטער שטראַל. ווי אַ געמאָלן בילד אין אַ גאָלדענער ראַם, אַזוי שפּיגלען זיך די רויטע האָר אָפן קישן. דער מאַמען דאַכט זיך, אַז צום

ערשטן מאָל זעט זי סעמין אַזאַ שיינעם. אַרום מויל שוועבט אַ שמייכל. אַזאַ וואָס קומט נאָר אין כאַלעם און זאָגט צו אויסטערלישע גליקן. און זי וואונדערט זיך אַליין: ווי קומט עס, וואָס ביז היינט האָב איך דאָס ניט געזען. אָט דער ברייטער שטערן, וואָס שניידט זיך אַריין ביז אינמיטן קאָפּ. די צעבליטע באַקן. אַלץ, אַלץ אין אים איז אַזוי שטאַרק און וואוילינגיש. איז זי געשטאַנען, זיך איינגעקוקט און גע־טראַכט: ווי איז דאָס מעגלאַך, אַז דאָס קינד זאָל זיין שלעכט? און ווען אַפילע יאָ, איז ער דאָך נאָך יונג. יונגע קינדער טוען נאַרישקייטן. ער וועט עלטער ווערן, וועט ער קליגער ווערן. עפּשער איז דאָס גאָר דערפאַר, וואָס דער טאַטע זיינער רעדט צו אים קיינמאָל ניט קיין פריינטלאַך וואָרט? עס קאָן זיין, אַז ער איז פאַרביטערט און דערפאַר איז ער אַזוי. זי באַשליסט אַפּן אָרט. זי וועט פּרואוון מיט גוטן. זי וועט מיט אים ריידן. זי וועט אים מיט גוטן איינגעמען.

דער זייגער האָט געשלאָגן ניין. איז זי צוגעגאַנגען נעענ־טער און גענומען וועקן:

— סעם, סעמעלע, שטיי אויף, קינד. ס'איז שוין שפּעט.

סעם האָט זיך ניט גערירט. ער איז גאָר איצט געוועזן וויט־וויט אַוועק פון דאַנען. וויט פון היים, פון דער מאַ־נען. ער איז געשטאַנען אין גאַס און זיך געשפּילט. איז אָנ־געקומען אַ פרוי; פּונקט ווי זיין מאַמע. אַן איינגעבויגענע, אַן אָרימע. די פרוי האָט אַרויפגעלייגט איר האַנט אַף זיינע אַקסלען. זי האָט גערעדט ווייך:

— סעם, גיי אַהין וואוהין איך וועל דיר זאָגן. שרעק

זיך ניט. עמעס, עס איז ווייט אַהין. אָבער ווען דו וועסט קומען צו יענעם אָרט, וועסטו דערזען אַ גרויסן פּאַלאַץ. זאָלסט זיך ניט שרעקן. די הינט וועלן דיר גאָרניט טאָן. גיי גלייך אַריין. מ׳וועט דיך דאָרטן אויפנעמען ווי אַ גאַסט. דאָרטן איז פאַראַן גאָלד און זילבער און שיינע קליידער. און אַלץ וואָס דיין האַרץ גלוסט. וועסט קענען נעמען וויפיל דו וועסט וועלן. אָבער דו מוזט זיין אין צייט. קומסטו שפּעט, איז אַלץ פאַרפאַלן.

גייט ער. טעג און נעכט. ניט אַליין. ער האָט אויך מיט־גענומען זיינע כאַוויירים. בעני, ווינטעלאָ, דזשייקי און בוירני. אַלע פינף גייען זיי. צופוס און מיט באַנען. מיט שיפן און עראָפּלאַנען. ווײַלע מ׳דאַרף זיין אין צייט. און אַלע ווייסן זיי, אַז ווי נאָר זיי וועלן אַהין קומען, וועט זיך אָנפאַנגען עפּעס נייס. מ׳טאָר אָבער ניט פאַרשפּעטיקן, אַז ניט איז אַלץ פאַרלוירן. ער איז דער פירער. הערט ער ניט ווי מ׳וועקט אים:

— סעם, סעמעלע! שטיי אויף. ס׳איז שפּעט. באַלד וועט קומען דער טאַטע, וועט ער שרייען.

ער עפנט די אויגן. ער איז צעטראָגן. ער זעט גאָר זיין היים. דער טיש, די ווענט, אַלץ ווי שטענדיק. וואונדערט ער זיך: ווי אַזוי קאָן דאָס זיין? דאַכט זיך ער דאַרף איצ־טער זיין ערגעץ אַנדערש־וואו. און דאָ — וואָס איז דאָס? ער קוקט זיך אַרום פאַרוואונדערט און קאָן ניט באַגרייפן: וואָס איז דאָ געשען? נאָר אָט זעט ער די מאַמע שטייט. זי רעדט:

— האָט זיך דיר עפּעס געכאָלעמט, סעם? דו האָסט געריעדט פון שלאָף. האָסט גערופן דיינע כאַווײרים, זיי זאָלן גײן גיכער. האַ, דו נאַרעלע. וואָס קוקסטו אַזוי? ביסט דאָך אין בעט, אין דיין בעט.

האָט ער זיך איצטער שוין אויסגעריבן די אויגן און געזען. טאַקע, ער איז אין דער היים. אין זיין אַלטער היים.

— דו ווייסט, סעמעלע, ס׳איז אויסגעפאַלן אַ שניי.

ער האָט אַ קוק געטאָן אין פענצטער און דערזען. האַ, ווײם! מיט איין שפּרונג איז ער אַראָפּ פון בעט. עס רייסט זיך בײַ אים אַרויס אַ געשריי:

— יעי, מאַמע, שניי!

און ער ווייסט נישט וואָס צו טאָן פאַר פריידן. עס דאַכט זיך אים, אַז די טונקלקייט פון גאַס איז מיטאַמאָל פאַרשוואונדן. פון אַלץ שטראַמט אַ גרויסע פרייד.

— מאַמע, — טוט ער נאָך אַמאָל אַ געשריי און ס׳דאַכט זיך אים, אַז צום ערשטן מאָל רעדט ער אַרויס דאָס וואָרט מיט אַזאַ ווייכן ציטער. ער ווייסט אַליין ניט פאַרוואָס, נאָר עפּעס ווילט זיך אים דאָס וואָרט איבערכאַזערן עטלאַכע מאָל. עפּעס קלינגט עס היינט אַזוי אַנדערש:

— מאַמע, מאַמעלע מיינע. איך האָב דיך אַזוי ליב! דו ביסט אַזאַ גוטע, ניט ווי דער טאַטע. אים האָב איך ניט ליב. ער שרייט. שטענדיק נאָר ער שרייט.

— סעם, רייד ניט אַזוי. אַ טאַטע איז אַ טאַטע. וועסט זען, ער וועט אָנהייבן אַרבעטן, וועט ער זיין אַנדערש.

— ער וויל ניט אַרבעטן, דו מײנסט איך ווײס ניט ? שטענדיק נאָר ער סטרײקט. ער איז אַ באָלשעוויק.

— סעם !

— יאָ, יאָ. די לערערן האָט מיר געזאָגט. אַלע וואָס סטרײקן, זײנען באָלשעוויקעס. זײ דאַרפן אַוועקפאָרן פון אַמעריקע.

די מוטער שטײט אָן לאָשן. זי ווײסט ניט וואָס צו זאָגן. אַ מינוט האָבן בײדע געשוויגן. דערנאָך האָט זי אים אַ נעם געטאָן באַ דער האַנט :

— זאָג דײן לערערן, אַז זי ווײסט ניט, וואָס זי רעדט. דײן טאַטע איז ניט קײן באָלשעוויק. דו הערסט ? דײן טאַטע איז אַן ערלאַכער אַרבעטער, וואָס אַרבעט שווער אַפן שטיקל ברויט. יאָ, און ווען דו וועסט אַזוי רײדן....

זי האָט זיך צעוויינט. אָבער דאָס מאָל איז דער געוויין געווען אַזאַ טיפער און שטילער. זי האָט אינגאַנצן געציטערט.

סעם האָט שוין כאַראָטע געהאַט. ער האָט אַרומגענומען איר האַנט, האָט זי געגלעט און געבעטן :

— מאַמע, דו ווײנסט ?

ער איז געשטאַנען אַנטקעגן און געהאַלטן אין אײן פרעגן :

— מאַמע, דו ווײנסט, מאַמע ?

עס האָט אים שטאַרק ווײ געטאָן. ער האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן דאָס געוויין. יעדעס וואָרט האָט אין אים אָפּגעציטערט מיט ראַכמאָנעס און כאַראָטע.

ער האָט זי צוגעפירט צו אַ שטול און אַלײן זיך געזעצט

ביי איר צופוסנס. עס איז געווען שטיל. קיינער האָט ניט גערעדט. די מאַמע האָט אַרויפגעלייגט איר דאַרע האַנט אַף זיין קאָפּ:

— סעמעלע, איך בין היינט אין דער פרי געשטאַנען ביי דיין בעט. איך האָב געקוקט אַף דיר און האָב זיך געפרייט. איך האָב זיך דערמאָנט אַזוי פיל זאַכן. און איצטער, ווען מיר זיצן אַזוי ביידע, דאַכט זיך מיר, אַז איך געדענק אַלץ וואָס איז געווען מיט יאָרן צוריק. איך זע דאָס שטעטל, וואו דו ביסט געבוירן געוואָרן. אין אַ טאָל ליגט עס, צווישן צוויי בערג. אַף איינעם שטייט אַ גרויסע טאַבאַק־פאַבריק. איך געדענק נאָך היינט, ווי אַלע אין־דער־פרי פלעגן זיך צעקלינגען די גלעקער און רופן צו דער אַרבעט. דער טאַטע איז אַוועק־געפאָרן קיין אַמעריקע... נישט ווייל ער האָט געוואָלט. ער האָט געמוזט. „אונזער קינד וואַקסט אונטער, איך וויל ניט, ער זאָל זיין אַזאַ אָרימאַן ווי איך בין”. אַזוי האָט ער גע־זאָגט, מיר, דיין מאַמען. ער איז געפאָרן צוליב דיר, נאָר צוליב דיר. דערנאָך זיינען געקומען שווערע צייטן. איך בין געבליבן מיט דיר אַליין. דער טאַטע האָט זיך גענוג גע־מוטשעט דאָ אין אַמעריקע, ביז ער האָט געקאָנט אונז נעמען צו זיך. דו ביסט דעמאָלט נאָך געווען אַ קליין קינד, דריי יאָר אינגאַנצן אַלט. דערנאָך זיינען געקומען אַזוינע פאַרשטער־טע טעג. ביז מיר האָבן זיך דערשלעפּט אַהער. איי... קינד מיינס און אַז מיר זיינען אַריינגעפאַלן אַהער אין דער פינצטערער עלען־סטריט, זיינען מיר שוין דאָ פאַרבליבן ביזן היינטיקן טאָג. צען לאַנגע יאָרן שוין, אין אָרימקייט. און

דו, קינדעלע מיינס, רעדסט אַזעלכע נאַרישע רייד. וואָסארער באַלשעוויק, וואָס? ער אַרבעט דען ניט ווייל ער וויל ניט? ער האָט ניט וואו צו אַרבעטן. ער סטרייקט דען ווייל ער וויל? אַך קינדעלע מיינס... נאָך וואָס אַזעלכע נאַרישקייטן?

זי האָט גערעדט לאַנג. אַזעלכע ניט-פאַרשטענדלאַכע רייד. און די רייד זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט טיפן צאַר. אין יעדן וואָרט האָט אָפּגעציטערט אַן איינגעהאַל-טענער וויימיק, וואָס האָט זיך, ווי דורך אַ באַהעלטעניש אַרויסגעריסן טראָפּן-ווייז, טראָפּן-ווייז. און אָט די שווערע טראָפּנס, זיינען איצט געפאַלן אַף אים.

מיטאַמאָל איז ער אויפגעשפּרונגען:

— ווייַן נישט, מאַמע איך ועל... איך וועל אָנהייבן פאַרדינען געלט. דו וועסט זען. מיין ניט, אַז איך קען ניט. איך וועל אָנהייבן פּעדלען מיט צייטונגען. יאָ! נאָך שול, וועל איך. איך וועל פאַרדינען אַסאַך געלט. און דו וועסט זיך ניט דאַרפן זאָרגן.

עס איז אים פּלוצלונג געוואָרן לייכט. עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז עפּעס פליט דאָ אַרום אין צימער. עס פליט און רירט אים אָן מיט די פליגל. ער וויל ריידן און קאָן ניט. עס פאַרפעלט אים אָטעם. אַ וואונדער איז איבער אים גע-קומען, אינמיטן דער מאַמעס רייד. עס גלאַנצט אין אים און פונקלט, ווי שוימיגער וויין אין קרישטאָלענעם גלאָז. ער האַלט פאַרמאַכט די אויגן און קלערט נאָך אַ ווײַלע.

— מאַמע, דו ווייסט, איך וועל האָבן מאַזל... עס איז

געקומען צו מיר... איך ווייס ווי אַזוי. איך וועל עס דיר ווייזן.

— מאַזל? איך ווייס ניט וואָס דו רעדסט.

זי האָט אים אַריינגעקוקט גלייך אין די אויגן. און געזען האָט זי, אַז ס'פלאַקערט דאָרט אַ גרויסע גליקזעליקייט. די שוואַרצע אַפּלען זיינען איבערגעצויגן מיט אַ מאָדנעם גלאַנץ.

סעמקע איז אַריין אין צווייטן צימער. אויף גיך האָט ער פון הינטער דער שאַפע אַפּירגעשלעפּט אַ פּעקל, איינגעוויקלט אין אַ גרויסן בויגן פּאַפּיר.

— זעסט, — האָט ער פריידיק אויסגערופן, — דאָס האָט מיר געגעבן בעני. איין וואָך וועט ער עס האַלטן, און איין וואָך איך. אָט זע! איצטער פאַרשטייסטו שוין? אַז מ'האָט דאָס, איז שוין גוט. איך פריי זיך זייער. און דו דאַרפסט זיך אויך פרייען. און ניט וויינען. דו הערסט? ניט וויינען מער.

די מאַמע האָט געהאַלטן דאָס שטיק אייזן אין האַנט. זי האָט עס באַטראַכט און ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן.

אַ שטילקייט. פּלוצלונג האָט זיך דערהערט:

— סעם! ס ע ע ם!

אונטערן פענצטער איז טאַקע געשטאַנען בעני און גערופן:

— מ'קאָן זיך שוין גליטשן, דער שניי איז טיף, קום גיכער!

אין איין מינוט האָט סעמקע אָן אַלץ פאַרגעסן. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס היטל און איז אַראָפּ אין גאַס.

דער שניי איז געלעגן הויך. אין דער גאַנצער לענג פון גאַס זיינען געשטאַנען מענטשן מיט לאָפּעטעס אין די הענט און געשאַרט דעם שניי.

זיי זיינען צוגעקומען צו דער בריק. אָן אַ שיר קינדער זיינען דאָ געווען.

מ׳האָט געוואַרט אַף עמיצן וואָס זאָל אָנפאַנגען. וויל ניט ווייט איז געשטאַנען דזשים און געהיט מ׳זאָל זיך ניט גליטשן.

פון אַלע זייטן האָט מען איצט גערופן:

— סעמקע, פּרואוו נאָר דו, אַז דו וועסט אָנפאַנגען וועלן מיר אַלע נאָכגיין.

— ער האָט אויך מוירע, דער גרויסער העלד!

ער האָט זיך אויסגעדרייט: ווער זאָגט דאָס? אהא דזשענעט.

— וואָס, ווילסט עפּשער מיטפאָרן? מיין שליטן איז שטאַרק. ער קאָן אויסהאַלטן אַפילע זעקס אַזעלכע ווי דו.

דזשענעט איז געגאַנגען מיט סעמקען אין איין שול. זי איז אויך געווען אַ רויטע. דערפאַר האָט מען זי גערופן דאָס רויטע פּאָרל.

אַלע האָבן געוואַרט מיט אומגעדולד. סעמקע איז געווען גרייט: ער האָט געוואַרט אַף דזשענעטן.

— אַז ס׳וועט אָנקומען אַ „קאַפּ“, — האָט ער צו איר גע־טאַנעט, — וועלן מיר אַוועקלויפן. און אַז מען וועט אונז

אַרעסטירן, וועט מען אונז אַלע דריי אינאיינעם אַרעסטירן.
בעני, ניט אַזוי?

— יאָ, אָבער טאָמער דערוויסט זיך מים סמיט, האַ?

— זי וועט אונז שיקן אין טורמע אַריין, אַסאַך היים-אַרבעט. מיר וועלן דאָך האָבן גענוג צייט.

אַלע האָבן זיך צעלאַכט.

און איצט האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן. סעמקע, פון פאָרנט. דזשענעט הינטער אים און צולעצט בעני ווי אַ נאָכהענגערל. סעמקע האָט געקאָנט קערעווען. ער האָט מאַנעווירט אַף לינקס און אַף רעכטס. אין פריילאַכן זיג-זאַג איז ער געפלויגן, דער שליטן. און זיי דריי האָבן אויס-געזען, ווי צונויפגעבונדענע שוואַרצע פייגל, אינמיטן אַ ווייס-קייט. עס איז געווען גוט צו פליען באַרג אַראָפּ פון דער מיט בריק, ביז צו די טרעפּ. ס׳האָט זיך ניט געוואָלט שטייען בלייבן. נאָר פליען, פליען, ביז אַראָפּ, אין דילענסי גאַס. אַריינפאָרן אין די מענשן. יעדער זאָל דאַרפן אויסמיידן און מאַכן אַ ברייטע וואַרע. בעני איז געזעסן מיט פאַרמאַכטע אויגן. עס האָט זיך אים גערדאַכט, אַז ער איז הויך, הויך אי-בער דעכער און הייזער. ער פליט אין אַן עראָפּלאַן. אַלע קוקן אַף אים, מ׳איז אים מעקאַנע. אַלע שרייען פון שרעק, נאָר ער האָט ניט קיין מוירע.

מיטאַמאָל דערהערן זיך קולעס:

— סעם! בעני! גיכער, האַלט איין! אַ „קאַפּ“! שטעלט זיך אָפּ.

דער שליטן האָט זיך אַ שאַרפן דריי געטאָן. זיי האָבן

זיך איבערגעקערט. סעמקען האָט געראָנען בלוט פון נאָז. דזשענעט איז אינגאַנצן געווען איינגעטונקען אין שניי און מ'האָט ניט געקאָנט אַרויסזען קיין סימען פון פּאָנים. ביי בעני'ן איז געוועזן צעקאַליעטשעט אַ פוס.

זיי האָבן ניט קיין צייט געהאַט זיך אַרומצוקוקן ווען זיי האָבן דערהערט אַ בייזן צורוף:

— וואַרט, איצט וועט איר... ווען מ'זאָגט שטיין בלייבן, בלייבט מען שטיין.

— נעמען זיי אין סטיישאָן!

מ'האָט זיי געהאָלפן זיך אויפשטעלן און פאַר אַ ווײַלע האָבן זיך אַלע גענומען איבערקוקן.

— זע נאָר, — האָט דער אַלטער דזשים דער ערשטער אַ זאָג געטאָן, — בעני! דאָס ביסטו גאָר?

ער האָט געשמייכלט:

— נו, זאָג אַליין, וואָס זאָל איך איצטער טאָן מיט דיר, דו קליינער פּעמפּעק?

ער האָט נאָכגעקלערט אַ ווײַלע און צוגעגעבן:

— איך וועל מיט דיר ווערן ברויגעז. דאָס וועל איך טאַקע טאָן.

— גיב אַ קוק, — האָט דזשאָן אַ פאַרוואונדערטער אויסגערופן, — סעם! און דו, דזשענעט, אויך? גוט, אַלע דריי זענט איר אַרעסטירט. איר גייט גלייך פון דאַנען אין סינג-סינג. און עפּשער גאָר זאָל איך אייך געבן דעם עלעק־טריק־טשער.

— ניין, — האָט זיך דזשים אַריינגעמישט, — פאַר בע־

נין וועל איך זיך איינשטעלן. די צוויי רויטע מעגסטו נעמען און טו מיט זיי וואָס דו ווילסט.

— אויב אַזוי, וויבאַלד זיך איינשטעלן, — האָט דזשאַן געריעדט, — וועל איך זיך מוזן איינשטעלן פאַר סעמין.

— איז אויב אַזוי, וועלן מיר ביידע זיך איינשטעלן פאַר דזשענעטן.

דזשענעט איז געשטאַנען אין אַ זייט, גלייך ניט זי מיינט מען.

אַלע האָבן זיך צולאַכט.

— פונדעסטוועגן, כעוורע, טראָגט זיך אָפּ פון דאַנען, ווייל ניט שטענדיק קומט דזשאַן, און מ׳טאָר טאַקע ניט אויך, — האָט איצטער דזשים גערעדט פריינטלאַך־כאַווריש. זיי זיינען זיך צעגאַנגען.

סעמקע, דזשענעט מיט בענין, זיינען איצטער געגאַנגען גלייך מיט דער דילענסי גאַס. די באַקן זיינען געווען צע־פלאַמט כאָטש נעם און גים אָף זיי קאַלטע וואַסער. די מענטשן אין גאַס זיינען געגאַנגען אין איילעניש, אַזוי ווי זיי וואָלטן אַנטלויפן פון דעם פרישן, שמעקענדיקן ווינטער. אונ־טער די פים האָט געסקריפּעט דער שניי. דער פראָסט האָט געביסן אין די שפּיץ פינגער.

זיי זיינען געגאַנגען אָן אַ ציל.

— און איך האָב ווידער מים סמיט, — האָט זיך סעמי געקלאָגט, — איך האָב זי אַזוי פיינט.

— זי וואָלט שוין געמעגט שטאַרבן, — האָט בעני אַ זאָג געטאָן.

— נו, וואָס וועט עס העלפֿן? זי וועט אַפֿילע טויטער־הייט געבן היים־אַרבעט.

— איך וועל אייך זאָגן בעסערס, ווען מים סמיט וועט דאַרפֿן שטאַרבן, וועט זי זיך צוערשט אַוועקזעצן און צו־גרייטן פֿאַר אַ גאַנץ יאָר היים־אַרבעט.

— און ווער וועט דורכקוקן?

— וואָס הייסט, ווער? איר גייסט וועט קומען צוגיין.

— אוי, וואָס פֿאַר אַ שלעכטער גייסט!

— ס'זיינען דען פֿאַראַן גוטע?

— אַוואַדע. גוטע מענשן לאָזן איבער אַ גוטן גייסט, און שלעכטע מענשן, אַ שלעכטן.

— אויב אַזוי, זאָגט, וואָס פֿאַר אַ גייסט וועל איך אי־בערלאָזן?

סעמקע האָט אַ טראַכט געטאָן און געזאָגט:

— זייער אַ שלעכטן.

— פֿאַר וואָס?

— ווייל מיידלאַך זיינען שלעכטע.

— איי, דו! — זי האָט אים אַ נעם געטאָן באַ אַן אויער.

— וועסט נאָך אַמאָל זאָגן, האַ? זאָג, וועסט?

זיי זיינען פֿאַרגאַנגען אין אַ זייטיקער גאַס. האָבן זיי געזען אַ אידענע שטייט צווישן אָנגעוואָרפֿענע טישן און אַלטע שטולן. זי האַלט אַ קינד אַף די הענט און וויינט:

— איר זעט, מענשן, אינמיטן פּראָסט מיך אַרויסגע־וואָרפֿן אין גאַס.

איר פּאָנים, קליין און צעקנייטשט, ווי אַן אַלט שטיקל אָפּ־געטראָגענע סכוירע, האָט געקוקט אַרום זיך צעשראָקן, אַזוי ווי זי וואָלט בײַ אַלעמען וועלן זוכן הילף.

— קום, — האָט סעמקע אַ רוף געטאָן. אָבער בעני איז געשטאַנען, געקוקט אויף דער אידענע, אויפֿן קלײנעם קינד, וואָס בײַ איר אויף די הענט און ניט געקאָנט פֿאַרשטיין. ווי אַזוי קאָן דאָס זיין? אינמיטן ווינטער? און זי האָט ניט וואו צו זיין? און וואָס וועט זי טאָן בײַנאַכט?

סעמקע איז געוואָרן אומגעדולדיק:

— קום, — האָט ער אַ רוף געטאָן.

אין די ברייטע טויערן זיינען געשטאַנען איינגעהויקערטע, אָפּגעריסענע מענשן. זיי האָבן זיך באַהאַלטן פֿאַרן ווינט, וואָס האָט איצט געבלאָזן פֿון אַלע זייטן. זיי האָבן אײנגאַנצן געציטערט פֿאַר קעלט. די פּענימער זיינען געווען בלוי־געשוואָלן. דער גאַנצער אויסזען זייערער, האָט אָנגע־וואָרפן אַ שרעק. מ'האָט געקאָנט זען, אויך זיי זיינען אַרויס־געוואָרפן פֿון היימען. ניט היינט. און ווער ווייסט, עפּשער האָבן זיי גאָר קיינמאָל קיין היימען ניט געהאַט?

אין יעדן טויער, בײַ יעדער מויער, זיינען זיי געשטאַנען און די פֿאַרבייגייער האָבן זיך אויסגעהיט צו קוקן אויף זיי. עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיי וואַרפֿן אויף אַלע אַ פּאַכעד. זיי דראָען מיט צייטן וואָס וועלן נאָך קומען. זיי זיינען געשטאַ־נען אין די עק־גאַסן, אַזוי ווי זיי וואָלטן וועלן אָנזאָגן: עס וועט קומען אַ צייט וועלן מיר זיך צונויפנעמען. מיר אַלע אַן

היימען. פאַרפרוירענע און אַרויסגעוואָרפענע. מיר וועלן נאָך ריידן!

בעני האָט געקוקט אַף די אַלע געשטאַלטן. זיין בליק האָט זיך ניט געקאָנט אָפּרייסן פון זיי. אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זיי שטייען און וואַרטן אַף עמיצן וואָס דאַרף קומען. יענער וועט געבן אַ וואונק און זיי וועלן זיך פאַנאַנדערגיין אין פאַרשידענע זייטן מיט אַ גרויס שליכעס. זיי וועלן פאַנאַנדערטראָגן דעם שווערן בליק פון זייערע אויגן. וואוהין דער בליק וועט דערגרייכן, וועט ער אויפשטורמען הערצער. פון די אויפגעשטורמטע הערצער וועלן שיסן פיילן מיט פיינטשאַפט. און די פיינטשאַפט וועט זיך פאַנאַנדערפלאַקערן אין גרויסע פייערן. און די פייערן וועלן ברענען און פאַרלענדן דאָס נישט-גוטע פון דער וועלט.

ער האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און ער האָט אַ פרעג געטאָן:

— פאַרוואָס שטייען אָט די מענשן אַזוי?

— פאַרוואָס, פאַרוואָס? ווייל זיי האָבן ניט וואו צו זיין,

— האָט דזשענעט נישט-גערן אָפּגעענטפערט.

— ניין, — האָט זיך סעמקע אַריינגעמישט, — זיי שטייען דאָ, ווייל זיי זיינען באָמס.

בעני האָט קימאַט ניט געהערט. געפילט האָט ער ווי די געשטאַלטן קריצן זיך איין אין זיין זיקאָרן. אַז זייערע פינצטערע בליקן גייען אים נאָך פון הינטן. זיי באַהעפטן זיך מיט אים און ווילן ניט אָפּטרעטן. קען ער פון זיי ניט פּטער ווערן. זיי גייען אים נאָך.

עס איז געוואָרן נאַכט.

— או, — האָט זיך דזשענעט אַ כאַפּ געטאָן, — ס׳איז שוין שפּעט. און איך דאַרף נעמען מיין פּיאַנאָ-לעקציע. איך האָב שיר ניט פאַרגעסן. גוד-ביי, סעם; סאָ-לאָנג, בעני. מאָרגן אין שול. דזשי, ווידער די שול! — און זי איז אַוועק.

אַ ווײַלע זײַנען בײדע אינגלאַך געשטאַנען און ניט גע-רעדט קײן וואָרט. עפּעס איז זי אַזוי גיך פאַרשוואונדן. אַ שפּרונג אַרײַן אין אַ טויער און אויס!

— זי וואוינט ניט ווייט פון מיר, — האָט זיך פּלוצלונג סעמקע אָפּגערופן. — אַלע טאָג ווען איך גיי אין שול טרעף איך זי. איינמאָל האָט זי מיך אַרויפגענומען צו זיך אין הויז, זאָג איך דיר! איז באַ זיי שיין. זיי זײַנען רײַכע, זייער רײַכע. איר טאַטע האָט עפּשער צוואַנציק הײַזער, און דאָס הויז, וואו מיר וואוינען באַלאַנגט אויך צו איר טאַטן.

— נו, איז דאָך גוט. קאָנסטו דאָך איר זאָגן, זי זאָל זאָגן איר טאַטן, ער זאָל ניט נעמען קײן דירע-געלט באַ דײַן טאַטן.

סעמקע האָט זיך צעלאַכט:

— אַ גוטער אײַנפאַל. אויב אַזוי, — האָט ער שוין צו-געגעבען, — עפּשער וועל איך זי בעטן זי זאָל בעטן איר טאַטן, אַז ער זאָל שענקען כאָטש איין הויז מיין טאַטן.

— פאַרוואָס ניט? ער דאַרף האָבן אַסאַך און דײַנער גאָרניט?

— גוט, וועל איך איר טאַקע זאָגן. און אַז זי וועט ניט

וועלן, וועלן מיר איר זאָגן, אַז מיר וועלן זי קידנעפּן, ניט ?

— אַוואַדע קידנעפּן. קידנעפּן און שרייבן אַ בריוו איר טאַטן: „מיסטער, איר ווילט דזשענעט זאָל אַהיים קומען ? גיט אַ הויז, אַז ניט..."

— אַז ניט, וועלן מיר זי דערהאַרגענען...

זיי זיינען שוין געווען צוריק אין עלען סטריט. שטייענדיק פאַרן הויז האָט זיך סעמקע דערמאָנט ווי אַזוי די מאַמע האָט צו אים היינט גערעדט, ווי זי האָט געוויינט און ווי אַזוי ער האָט קעסיידער געפרעגט: „מאַמע, דו ווייסט, מאַמע ?" און אָט די דערמאָנונג האָט אים אַ צי געטאָן. אויף גיך האָט ער זיך אָפּגעזעגנט:

— בעני, מאָרגן אין שול. איך וויל מיט דיר ריידן, ווי אַזוי מיר ביידע זאָלן אָנהייבן פאַרדינען געלט.

— יאָ, און וואָס איז מיט... דו, ווייסט. איך וויל עס האָבן, דו האַלטסט עס שוין אַזוי לאַנג. איך וויל אויך!

— מאָרגן, מאָרגן, — האָט סעמקע שנעל אָפּגעענטפערט. און נאָך איידער בעני האָט צייט געהאַט צו זאָגן אַ וואָרט, איז ער שוין געווען אויף די טרעפּ פון הויז.

ער האָט ניט זיכער געעפנט די טיר. צו זיין גרויס פאַרוואונדערונג האָט ער דערזען, אַז דער טיש איז איבערגעדעקט מיט אַ ווייסן טישטוך. דער טאַטע רעדט אַנדערש ווי טאָמיד:

— באָכערעץ, וואו ביסטו עס געווען ? מ'וואַרט אויף דיר מיטן עסן. און דו שלעפּסט זיך ערגעץ אַרום.

ער איז ניט בייז דער טאַטע. ער רעדט און שמייכלט,

דאַכט זיך, באַהאַלטן. אַ וואוילע גוטמיטיקייט איז אין זיין קאָל. אַזוי האָט ער אים נאָך קיינמאָל ניט געזען. און פון קיך קומט אַרוים די מאַמע מיט אַזאַ שטראַלנדיקן אוים־זען; זי נעמט אים אַרום און רעדט מיט פרייד אין די אויגן:

— סעמעלע, ביסט גערעכט. דיין מאַזל! נאָר דיין קאָשער מאַזל!

זי וויל ריידן, ריידן מער, קאָן זי ניט. טרערן שטיקן אין האַלז. זי וויינט און לאַכט:

— סעמעלע, טייער קינד מיינס.

און ווידער שטייט ער צעטומלט און קאָן ניט פאַר־שטיין. די מאַמע וויינט ווידער? אָבער איצט איז דאָס אַ מאָדנע געוויין. אַ געוויין פון גרויסער פרייד. כאַזערט ער ווידער איבער די געציילטע דריי ווערטער:

— מאַמע, דו וויינסט?

— יאָ, איך וויין. פון גרוים גליק וויין איך. היינט... אין דער פרי... איז דער טאַטע געגאַנגען זוכן אַרבעט. איז ער אַריין אין... אַ... שאַפּ... אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט. און שטעל זיך פאָר... ער דערקענט זיין אייגן געשוועסטער־קינד. ער האָט אים ניט געזען זיבעצן יאָר... און יענער איז אַזוי רייך. עס אַרבעטן באַ אים מער ווי זעכציק אַרבעטער... האָט ער אים באַלד אַוועקגעשטעלט באַ אַ מאַשין און גע־זאָגט: באַדאַרפסט שוין ניט זוכן קיין אַרבעט. דאָ איז דיין אָרט. וועסט שוין מאַכן אַ לעבן...“ אָט, אַזוי ווי איך דער־צייל דיר.

— און אויסדרייענדיק זיך צום טאַטן גיט זי צו:

— ס׳איז דעם קינדס מאַזל. ער האָט מיר היינט אינדער־פרי געזאָגט, אַז ס׳וועט ווערן אַנדערש. אין זיין זעכום זיי־נען מיר געהאָלפן געוואָרן...

סעמקע איז געשטאַנען, זיך צוגעהערט מיט אַלע קויכעס און ניט געקענט אַרויסריידן קיין וואָרט. שטום־פאַרוואונ־דערט האָט ער געקוקט אַף אַלץ וואָס אַרום. און געדאַכט האָט זיך אים, אַז ער פילט עפּעס פּלאַטערן איבערן קאָפּ. עס רירט אים אָן מיט דינע, דינע פליגל און שעפּשעט — שעפּשעט שטיל:

— ס׳איז דיין מאַזל. סעמי, דיינס!

שפּעטער איז ער געלעגן, געקוקט אין דער נאַכטיקער פינצטערניש. פון דער פינצטערניש זיינען אַרויסגעשוואומען צוויי גרויסע, פאַרטרערטע אויגן. אין אים, אַרום אים איז געווען שטיל.



# מיט פאַרמאַכטע אויגן

## קאַפּיטל פינף

ס'איז זונטיק אין-דער-פרי. די דריי קינדער זיינען אַליין. די מאַמע איז היינט, פריער ווי שטענדיק, אַראָפּ אין קראָם. קערט מען אַ וועלט. בעני שלאָגט זיך קעגן ביידע. ער שטייט באַ זיך אַפן בעט און וואַרפט די קישענס אַף באַבין און סילוויען. זיי פּרואוון מיט אַלע קויכעס אים ביי-צוקומען.

— ווייסט איר גאָר וואָס, — האַקט בעני איבער דעם פריילאַכן געלעכטער, — לאָמיר זיין שטיל. אַז די מאַמע

וועט אַרויפֿקומען, וועט זי ניט שרייען אַף אונז. זי וועט אונז קויפֿן קענדי.

— ניין, ניין. מיר ווילן זיך שפּילן, שפּילן.

בעני קלערט נאָך אַ ווײַלע.

— גוט, שפּילן, אָבער עפּעס אַנדערש. ווייסט איר וואָס? איר וועט זיין די קינדער און איך וועל זיין דער טאַטע.

באַבי וויל ניט. אַ טאַטע איז אַ בייזער. בעסער זיי אַ פֿעטער. אַ פֿעטער איז אַ גוטער. ער גיט געלט. ער לאָזט זיצן אין מאַשין.

זיי לייגן אַוועק דעם טיש אַף דער ערד. די שטולן אויך. דערנאָך נעמען זיי רויטע און בלויע פּאַפּיר, זיי באַ־קלעפּן די ווענט. די לעמפּלאַך צינדט מען אויך אָן. די טיר איז פֿאַרמאַכט, די פֿענצטער פֿאַרהאָנגען. בעני קאָמאַנדירט:

— זעצט אייך!

ער אַליין זיצט פֿון פֿאָרנט. ער האַלט אַ שטעקעלע אין האַנט און באַפֿעלט:

— פֿאַרמאַכט די אויגן. אָט אַזוי, ווי איך. שוין? איצטער געדענקט! דאָס איז ניט אונזער היים. דאָס איז אַ שענערע אַפּילע, ווי דעם פֿעטער דזשאָס. אוי, איז דאָרטן שיין! די היים איז אונזערע. איר זעט די בלויע לאָמפּן? און די ראַדיאָ, זעט איר?

די קינדער האַלטן פֿאַרמאַכט די אויגן, אָבער זיי זעען גאָרניט.

— איך זע ניט, — שרייט די קליינע סילוויע, און זי צעקרימט דאָס אויסגעשמירטע פּענימל ווי צו אַ געוויין.

— איך זע, רופט זיך אָפּ באַבי, — איך זע טאַקע, און דו ניט. טו אַזוי ווי איך. אָט אַזוי.

ער דרייט אויס זיין פּאָנים און זי זעט ווי ער האַלט שטאַרק פאַרמאַכט די אויגן. זי פּרוּווט נאָך אַמאָל. עס שווימען אַרום פאַרשידן־פאַרביקע רעדער. זיי ווערן צוערשט קליין. דערנאָך גרעסער און גרעסער. זיי שווי־מען פאַרביי און ווערן ניט. זי איז פאַרצווייפלט. זי וויל זען אַלץ וואָס באַבי זעט. אָבער די רויטע לאָמפּן, דער ראַ־דיאָ זיינען ניטאָ. זי שעמט זיך דאָס אויסצוזאָגן. שווייגט זי.

— נו, — פרעגט בעני, אַלע זעען שוין?

— יאָ, ענטפערט באַבי, — איך זע אַלץ.

— און איך אויך, — זאָגט סילוויע אַזוי שטיל, אַז קוים וואָס מ׳הערט דאָס וואָרט. — ס׳איז טאַקע שיין. יאָ, יאָ.

איצטער, אַז אַלע דריי זעען שוין, רעדט בעני מיט אַ זיכער קאָל:

— איך בין טאַקע אַ פעטער, אַ נייער פעטער. איך הייס סאַול. איר זעט מיין מאַשין? זאָגט, וואוהין ווילט איר פאָרן, אין בראָנקס פאַרק, צי גאָר אין דער „זו״?

— מיר ווילן פאָרן ווייט, ביז קוני איילאַנד.

זיי זיצן שטיל און רירן זיך ניט פון אָרט. בעני קערע־וועט די מאַשין אָף לינקס און אָף רעכטס. זיי פליען שנעל, קוים מיט׳ן אויג צו כאַפּן. און אַפן וועג ליגן אויסגעשפּרייט ווייכע זאַכן. אַז מען פאָרט אָף זיי, פילט מען אַפילע ניט

צי מ'באַוועגט זיך. עס איז גלאַטיק. ער רעדט ווי אין כאַלעם:

— קינדער, זאָגט וואָס ווילט איר? קענדי צי אייז־קרים? איך וועל אייך קויפן אַלץ וואָס איר ווילט. איך בין אַ גוטער פעטער. דיר, באַבי, וועל איך קויפן אַן אינדיאַנער אַנצוג מיט אַ רעוואָלווער. און וואָס ווילסטו, סילוויע?

— אַ ווייסע קליידעלע, מיט גאָלדענע בענדעלאַך, וועל איך קאָנען גיין צו אַ פּאַדי.

— אָל־רייט, איך וועל קויפן.

— און די מאַמע וועט ניט שרייען?

— נאַר, וואָסערע מאַמע? האָסט פאַרגעסן, אַז איך בין דיין פעטער?

— אָ, טאַקע, דו ביסט דאָך אַ פעטער, אַ פעטער מעג קויפן אַלץ, איאָ?

— אַוואַדע. איך וועל אַלץ קויפן פאַר מיין אייגן געלט.

די קינדער הערן זיך צו. מיט אַמאָל איז זיי געוואָרן אַזוי גוט. זיי האָבן אַ פעטער, ער פירט זיי אַרום אין דער מאַשין, ער וועט זיי קויפן אַלץ, וואָס זיי ווילן.

באַבי פרעגט:

— בעני, דו האָסט טאַקע געלט?

בעני איז דערצאָרנט:

פאַרוואָס רופסטו מיך בעני? איך בין נישט בעני. איך בין אַ פעטער. אַז איר וועט מיך נאָך איין מאָל רופן בעני, וועלן מיר... איך נאַר ניט אָפּ. איך וועל אייך קויפן אַלץ,

וואָס איר וועט וועלן. איך וועל אייך שטענדיק אַרומפירן אין מיין מאַשין. איך וועל...

ער רעדט און רעדט, און גלויבט אַליין אין די אייגענע רייד. ער וויל, זיי זאָלן אויך גלויבן.

— איך וועל אייך אויך געבן געלט...

עס שטראָמען פון זיין מויל הייסע ווערטער. פיבערנדיקע וואונשן. ער זעט זיי אַלע לעבן. יעדעס אַרויסגעזאָגטע וואָרט, ווערט באַלד פאַרוואַנדעלט אין אַנזעגלאַכער ווירקלאַכ־קייט. יעדער געדאַנק נעמט אָן געשטאַלט און שטייט ווי ניי־געבוירן פאַר זיינע פאַרמאַכטע אויגן. ער וויל, אַז אַלע זאָלן עס זען. אַז אַלע זאָלן ווייסן, אַז ער קען טאָן אַלץ. ער דאַרף נאָר פאַרמאַכן די אויגן און עס ווערט, ווי ער וויל. וואָס ער וויל, קאָן ער דעמאָלט דערגרייכן.

קיינער הערט ניט ווי עס עפנט זיך אויף די טיר. אַלע דריי זיינען אַריינגעצויגן אין דעם צויבערלאַכן שפּיל. די מאַמע שטייט אַ פאַרוואונדערטע און הערט זיך צו, צו די נישט־געשטויגענע רייד.

— וואָס טוט זיך דאָ? וואָס האָט איר געטאָן מיט דער שטוב? וויי, וויי. אַזוי איבערקערן אַ שטוב!

דער צויבער איז צערונען. די קלענערע צוויי צעלויפן זיך אין פאַרשידענע ווינקלען. בעני דרייט זיך אַרויס פון דער מאַמעס הענט. ער לויפט אַרויס אין גאַס.

ס'איז אַ שאַרף־פראָסטיקער טאָג. די לופט איז פול מיט קאַלטן ברען. בעני לויפט צו דער בריק. די קעלט האָט זיך אַריינגעכאַפּט אונטער די נעגל און זי שטעכט ווי מיט

אַנגעגליטע נאָדלען. פון די דעכער טראָגט זיך אַ ווייסער שטויב גלייך אין די אויגן אַריין.

ער גייט איבער דער בריק. קיינער איז איצט דאָ ניטאָ. אַ ווייסער וועג איז דאָ. ער לויפט ביז אין דער מיט און ברעכט זיך מיטאַמאָל איבער. און עס דאַכט זיך אים: פון דער אַרומיגער ווייסקייט טראָגט זיך אַ שטילער גע־זאַנג. זיינע טריט רופן עס אַרויס. קיינער הערט עס ניט, נאָר ער אַליין. ווען ער וואָלט נאָר וועלן, וואָלט ער אויך געקאָנט זען אַזוינס, וואָס קיינער זעט ניט. איין מינוט נאָר פאַרמאַכן די אויגן און עס וואָלט אינגאַנצן צוריק ניט גע־ווען קאַלט. ס'וואָלט גאָר קיין שניי ניט געוועזן. ער וואָלט געקאָנט צוריק אַרויפגיין אין שטוב אַריין, אָבער ער וויל ניט. ער וויל בעסער אַרומגיין אין די צעריסענע שיך אַפן שניי. ער וועט זיך פאַרקילן, וועט ער ווערן קראַנק. יאָ, דאָס וויל ער טאַקע, קראַנק ווערן. אַז ער וועט ווערן קראַנק, און סעמי וועט זיך דערוויסן, וועט ער אים אָפּגעבן זיין מאַזעלדיקע זאַך. דער נאָמען „סעמי" רודערט אויף דאָס גאַנצע געמיט. אַזאַ איינער! האָט אַוועקגענומען דאָס גאַנצע גליק פאַר זיך. פאַרוואָס האָט ער דאָס געטאָן? ווען ער וואָלט אים איצטער געטראָפן! ער וואָלט אים שוין ניט אָפּגעלאָזט. אָ, ער וואָלט אים שוין געוויזן. ער טראַכט: שוין צוויי וואָכן ניט געזען סעמין. ווער ווייסט, וואָס ער טוט איצט מיט זיין זאַך. עפשער איז ער שוין געוואָרן רייך. עפשער איז ער ערגעץ אַוועקגעפאָרן? דאָרטן האָט ער אַלץ וואָס ער וויל. ער לאַכט פון אים, וואָס ער איז געוועזן אַזאַ נאַר.

יאָ. ער איז טאַקע אַ נאַר. אַן אַנדער אינגל וואָלט אַזוינס ניט געטאָן. אָבער פאַר אים, האָט ער ניט קיין מוירע. ער איז אַזאַ שטאַרקער. מיט איין ריר, קען ער אים אַוועק־לייגן.

פון דערווייטנס דערקענט ער, דזשענעט גייט. זי איז אָנגעטאָן אין אַ ווייסן סוועטער, אַפן קאָפּ אַ ווייס היטעלע. זי טראָגט אין די הענט אַ פּאָר שיך, מיט צוגעשרויפּטע גליטשערס. דער שניי, וואָס פאַלט פון אויבן, איז אַף איר גאָר ניט קענטיק. זי איז אַליין ווי אַ שטיק שניי. אָט וועט זי זיך אַ שטעל טאָן אַף די גליטשערס, זי וועט זיך אַ לאָז טאָן, גלייך אַראָפּ וועט זי פליען און ער וועט זי גאָר ניט קענען פרעגן. לויפט ער צו אַ פאַרסאָפּעטער:

— האָסט עפּשער געזען סעמין?

— ניין, ניט היינט. וואָס איז דען?

ער קלערט נאָך אַ ווײַלע:

— גאָרניט. אַזוי נאַר. איך האָב געוואָלט וויסן. און נעכטן האָסטו אים געזען?

— נעכטן, יאָ. ער האָט געהאַט פולע קעשענעס מיט טשאָקלאַד. ער האָט מיר געוויזן אסאך געלט; עפּשער פינף דאָלער.

ביי בענין ציטערט די אויבערשטע ליפּ. ער ווערט אינ־גאַנצן בלייך:

— ער האָט געהאַט געלט?

— נו, יאָ. אסאך. וואָס איז דען? ער פאַרקויפט צײַ־

טונגען ווען ער קומט פון שול. ער פאַרדינט אין דריי שאָ, אַ דאָלער מיט פינף־און־זיבציק סענט. און אַמאָל מער.

ער הערט זיך צו. דאַכט זיך, ער ווייסט דאָס שוין פון פריער. עס איז פאַר אים ניט קיין נייעס. ער וואונדערט זיך. פון וואַנעט ווייסט דזשענעט? עפּעס רעדט זי אַזוי, ווי זי וואָלט אַלץ ווייסן. ער קאָן ניט ריידן מער. ניט קלערן. טיף, ערגעץ זייער טיף אין אים רעדט אַ שטים: „בעני, דו קאָנסט ווייסן אַלץ וואָס עס איז, און אַלץ וואָס עס וועט זיין. דו קאָנסט טאָן אַזוינע זאַכן, וואָס קיינער קאָן נישט טאָן. זאָלסט נאָר וועלן, וועסטו בא סעמין קענען אָפּנעמען דיין געפינס. דו מוזט אים ווייזן, ער זאָל ניט קענען אַרומ־גיין, זיך באַרימען מיט געלט און מיט טשאָקאָלאַד. וואָס מיינט ער, וואָס?

— איך קלער, — זאָגט ווייטער דזשענעט, — ער וועט באַלד קומען. וואַרט אוים אַביסל, וועסטו אים זען?

— אָל־רייט, — ער וועט וואַרטן. דרייט ער זיך אַרום ווי אַ וועכטער, אַראָפּ און אַרויף. פון וויטן זעט ער ווי דזשימס בודקעלע איז אינגאַנצן באַדעקט מיט שניי. ער קוקט אין אַלע זייטן. די צייט ציט זיך מוירעדיק לאַנג. עס קומען אָן ווינטעלאַ, דזשייקי און דער היקעוואַטער בוירני:

— העלאָ, בעני, ווילסט זיך גליטשן?

— ניין, איך וואַרט אַף סעמין.

ווינטעלאַ רוקט זיך אונטער גאָר נאָענט און פרעגט:

— דו דאַרפסט אים טאָקע זייער נויטיק האָבן?

— יאָ, וואָס איז דען?
— גאָר ניט, — מאַכט זיך ווינטעלאַ טאָמעוואַטע־אומ־שולדיק. — איך האָב נאָר געמיינט אַז, דו זאָלסט זיך אַבי־סעלע צוזעצן. ווייל ביז סעמי וועט קומען וועט נאָך דויערן. און דיר וועלן נעבאַך ווי טאָן די פיסעלאַך. אָבער ער וועט קומען. זיכער וועט ער קומען. ווען ניט היינט, איז מאָרגן.
— ווייסטו גאָר וואָס, — מישט זיך אַריין בוירני, — וואַרט ביז אין דער פרי. דעמאָלט וועסטו אים זיכער קע־נען זען.
— און איך זאָג, דו זאָלסט בעסער גיין צו אים אַהיים. לייג זיך אַרונטער אונטער זיין בעט. נאָר גיב אַ קוק ער זאָל ניט אַוועקפליען פון דאָרטן. האַלט אים ביי אַ שטריקל. דו הערסט?
אַלע דריי שטייען אַרום אים. זיי כויזעקן און שפּעטן. ער וויל אַרויס פון זייער קרייז, קען ער ניט. זיי האָבן אים אַרומ־געריננגעלט פון אַלע זייטן. זיי שטייען אַרום און מאַכן ווילדע גרימאַסן. די אויגן ווערן פייכט. אָט־אָט, און ער וועט מוזן וויינען. ער האַלט זיך איין מיט אַלע קויכעס. פּלוצלונג טוט ער אַ זאָג:
— גוד־ביי, איך וועל קומען שפּעטער.
ער הערט ווי זיי לאַכן. אַזוי ווי דאָס האַווקען פון אַנ־גערייצטע הינט לויפט אים נאָך דאָס געלעכטער. און עס דאַכט זיך אים, אַז ער מוז זיך ראַטעווען פון עפּעס. ער מוז אַוועק פון דאַנען, וואו עס זיינען ניטאַ אַזוי פיל פיינט.
אַף מאָרגן, ווען די קינדער זיינען געקומען אין שול אַריין,

האָבן זיי מים סמיט ניט געזען. אין די קלאַסן האָט מען שוין געוואוסט, אַז זי איז קראַנק, זי וועט עטלאַכע טעג ניט זיין אין שול. ביים איבעררייס האָט מען זיך איבערגעגעבן די נייס. בעני איז געשטאַנען אין דער מיט און מער ווי אַלע האָט ער זיך געקאָכט. ער האָט זיך ניט געקאָנט איינ־האַלטן און האָט אַ זאָג געטאָן:

— עפשער וועט זי שוין מער ניט צוריק־קומען?

ווינטעלאָ האָט אַ פרעג געטאָן:

— וואָלסט טאַקע וועלן, אַז די אַלטע זאָל מער ניט קומען?

אָבער בעני איז איצט געשטאַנען פאַרטראַכט. פון אַ ווייטער באַהעלטעניש איז אַרויסגעשוואומען דאָס וואָרט, וואָס איז אין דער ערשטער מינוט געווען אַזוי פינצטער און גרוילאַך. עס האָט זיך געטראָגן נעענטער. אָט איז עס שוין געווען אַף דער צונג. אָט, האָט עס שוין געלויכטן מיט אַ העלן פלאַקער. ש ט אַ ר ב ן . . . יאָ, האָט ער צו זיך אַליין גערעדט; ש ט אַ ר ב ן. איך וויל, זי זאָל שטאַרבן.

מ'איז ווידער אין קלאַס. מיס בראַון רעדט מיט איר געלייטערטן קאָל. ער הערט גאָרניט. פאַר אים האָט זיך געעפנט אַ ווינקל, אין וועלכן ער מוז אָן אויפהער אַריינ־קוקן. פון אָט דעם פאַרבאָרגענעם ווינקל זעט ער עס קומען. ער זעט קומען דאָס גרויסע געשעעניש וואָס האָט זיך, ערשט פריער מיט אַ רעגע, צו אים אַנטפּלעקט דורך אָן איין און איינציק וואָרט. אָבער דאָס וואָרט איז איצטער עפּעס מער. עס איז אַ צויבער. אַ גרויסער צוזאָג. עס איז האָפנונג.

דאָס אנטפלעקטע וואָרט, וועט אים איינמאָל פאַר אַלע מאָל באַווייזן, צי קען ער מיט פאַרמאַכטע אויגן דערגרייכן וואָס ער וויל. דאָס וואָרט וועט זיין דער גרויסער פּרואוו. דער צוזאָג פון מאַכט און געוועלטיקייט. שטאַרבן... דאָס איז דער איינציקער קלאַנג וואָס הערשט איבער אַלץ וואָס אין אים. דאָס איז דער גרויסער וואונש, וואָס מוז מעקוועם ווערן. טאָג און נאַכט קלערט ער נאָר וועגן דעם. אין שלאָף רעדט דאָס צו אים אַף פאַרשידענע לעשווינעס. אַ גאַנצן טאָג איז עס הינטער זיינע פּלייצעס. עס גייט אים נאָך. שטאַרבן... עס איז אַזאַ וואונדערלאַכער קלאַנג. ביי אים אין רעשוס איז עס שוין איצט. ער קאָן מיט אים טאָן וואָס ער וויל. געוועלטיקן און באַפעלן. אים וועט עס פאָלגן. ס'איז ניט מער קיין וואָרט. ס'איז שוין א מין באַשעפעניש, וואָס ווארט ער זאָל זאָגן נאָר איין וואָרט, וועט עס זיך א וואָרף טאָן אַף וועמען ער וועט הייסן. און מיט יעדן טאָג ווערט באַ אים פאַרשטאַרקט דער גלויבן. מים סמיט וועט טאַקע שטאַרבן. זי וועט שטאַרבן, ווייל ער וויל אַזוי.

דעם אַנדערן טאָג גייט ער אין שול און ער איז זיכער, אַז עפּעס וועט היינט געשען.

ווען ער איז שוין נאָענט פון שול זעט ער. די פאָן איז אַראָפּגעצויגן אַף האַלב מאַסט. די לערער גייען אַרום צע־טראָגן. מ'פאַרזאַמעלט אַלע קלאַסן אין אַסעמבלי־זאַל. עפּעס ריידן די לערער אַפן אויער. דערנאָך זעט ער, ווי עס גייט אַרויף מיר בראַון. זי איז ערנסט. זי זאָגט אַ פּאָר געציילטע ווערטער:

— קינדער, אונזער אַלעמענס באַליבטע מיס סמיט איז ניטאָ מער. גאָט האָט זי גענומען צו זיך. זי איז געווען גוט צו אייך, צו אונז אַלע. שטענדיק האָט זי נאָר געזאָרגט פאַר אייך. לאָמיר זיך אויפשטעלן און אָפּגעבן קאָוועד איר ליכ־טיקן אָנדענק.

די קינדער זיינען געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. אַ שטילער טרויער האָט אַרומשפּאַצירט צווישן זיי.

ביי בענין האָבן געציטערט הענט און פיס. ער האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן. ער האָט געוואָלט שרייען. האָט ער פאַרביסן די שמאָלע, בלאַסע ליפּן און געשוויגן. ווינ־טעלאָ איז פאַרבייגעגאַנגען, עפּעס אַ זאָג געטאָן. אָבער ער האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס. ער האָט וואָס שנעלער געוואָלט אַרויס פון דאַנען און אַוועקלויפן וואוהין די אויגן וועלן טראָגן. ער האָט געוואָלט זיין אַליין און נאָך אַמאָל דייטלאַך באַנעמען אַלץ וואָס איז היינט פאָרגעקומען.

באַ דער טיר האָבן שוין געוואַרט ווינטעלאָ און דזשייקי:

— דו גייסט אַף דער בריק? סעמי וועט אויך קומען.

ער האָט נישט געענטפערט און איז נאָכגעגאַנגען. דעם גאַנצן וועג האָט ער געשוויגן. ער איז געווען זיכער, אַז אַלע ווילן אים דאַנקען פאַר עפּעס. זיי ווילן אים דאַנקען וואָס ער האָט אַזוינס געטאָן. ווייל ווער דען האָט עס געטאָן, אויב ניט ער? ווען ניט ער, וואָלט זי נאָך היינט געשטאַנען באַ דער טיר און געקוקט מיט אירע גרויע אויגן גלייך אין פּאָנים אַריין. איצט האָט ער שוין געוואוסט אַף זיכער. ער קאָן טאָן אַלץ וואָס ער וויל. ער דאַרף נאָר וועלן. אָט אַזוי,

ווי ער האָט געוואָלט, אַז מים סמיט זאָל שטאַרבן. און אויב שטאַרק וועלן, דאַרף ער נאָר פאַרמאַכן די אויגן. דע־מאָלט קומט איבער אים אַזאַ וואונדערלאַכער קויעך. דע־מאָלט ווערט ער גרויס און שטאַרק. עס ווערן מעקועם אַלע פאַרבאָרגענע וואונשן. אָהאָ, ער קען באַווייזן זאַכן, וואָס קיי־נער קאָן ניט.

ער האָט זיך אומגעקערט, און גענומען גיין גאַס־איין און גאַס־אויס, אָן אַ ציל. ווי אין אַ טרוים איז ער געגאַנ־גען צווישן וועגעלאַך מיט פאַרשידענע סכוירעס. די אָר־טשאַרד־גאַס איז געווען ענג. איז ער אַוועק אין נאָרפאָלק־גאַס. פון דאַנען אין עסעק־סטריט. ווי אַ נאַכט־וואַנדלער איז ער אַרומגעגאַנגען. אַלץ איז אים געווען אין וועג.

אַף דער נאַכט ערשט איז ער געקומען צו דער בריק. פון ווייטן האָט ער געזען ווי עס ברענט אַ פייער און כעוורע טראָגן, פון אַלע זייטן קאַסטנס און ברעטער. דער פייער וואַקסט און ווערט גרעסער. די פונקען טראָגן זיך ווי קליינע גלי־ווערימלאַך און ווערן פאַרלאָשן.

ווינטעלאָ האָט אויסגעשריען:

— כעוורע, איר ווייסט ווער עס האָט געמאַכט, די אַלטע זאָל זיך אָפּטראָגן?

אַלע האָבן זיך איינגעהערט.

— בעני! אָן עמעס, ניט קיין שפּאַס.

זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען, וואָס ווינטעלאָ מיינט.

— איך זאָג אייך, בעני האָט עס געטאָן.

— וואָס הייסט?

— ער האָט מיר פריער מיט עטלאַכע טעג געזאָגט, אַז מים סמיט וועט שטאַרבן, און איר זעט דאָך.

איצט האָט מען אים אַרומגערינגלט פון אַלע זייטען:

— ווי אַזוי, בעני? דו האָסט... ביסט דאָך אַ...

און זיי האָבן ניט געוואוסט ווי אַזוי זיי זאָלן אים אָנרופן.

מיטאַמאָל האָט זיך בעני אויפגעשטעלט. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און אָנגעפאַנגען ריידן:

— איך קאָן אַלץ. טשעפּעט זיך ניט צו מיר, איר הערט? איך וועל אייך נאָך ווייזן, וואָס איך קען. איך וועל נאָך סעמין אויך ווייזן. ער וועט מיר מוזן אָפּגעבן מיין זאַך, אַז ניט וועל איך...

ער איז געשטאַנען אַנטקעגן פייער מיט פאַרמאַכטע אויגן, ווי פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף. עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער וויל איצט אַפן אָרט שוין באַווייזן אַ וואונדער און אַלע זאָלן בלייבן געפּלעפּט. אַלע האָבן געקוקט אַף אים. און זיכער זיינען זיי געווען, אַז ער וועט באַלד אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט און עס וועט עפּעס געשען. אין זייער שווייגן איז געווען שרעק און דערוואַרטונג.

עס זיינען פאַרגאַנגען עטלאַכע רעגעס. בעני איז נאָך אַלץ געשטאַנען פאַרטראָגן אין אַן אַנדער וועלט, גרייט צו באַפעלן און אַלע זאָלן פאָלגן, אים איינעם אַליין. אַ שטילער שרעק האָט אַ בלאָז געטאָן, ווען דזשייקי האָט ניט־ווילנדיק זיך אַרויסגעכאַפּט:

— טוט נאָר אַ קוק, קינדער! ער זעט דאָך אוים ווי... ווי דזשיזוס.

— העי, דזשיזוס! רעדט אַ וואָרט!

בעני האָט זיך אויסגעדרייט. ער האָט גאָרניט געענט־פערט. זיינע אויגן זיינען געווען האַלב־געשלאָסן. און אַזוי איז ער אַוועק פון דאַנען.




# גרויסער טאָג

## קאַפּיטל זעקס

נאַכט. אַף דער בריק איז שטיל. איינציקווייז פֿאָרן די לעצטע, שווערע לאַסט-אָטאָמאָבילן. ציטערן נישט די שויבן אין די נאָענטסטע הייזער. אַפֿן בריק איז ליידיק און פּוסט, ווי נאָך אַ יאַריד.

בעני שלאָפֿט שוין פֿון לאַנג. דער טאַטע אויך. ער ליגט אויסגעצויגן, נישט אויסגעטאָן און סאָפּעט שווער. צופֿוסנס ליגט דער קליינער באָב. ער איז אַיינגעקאָרטשעט אין דרייען. אין צווייטן בעט שלאָפֿט די מאַמע; אין דער זייט ליגט סילוויע. זיי ליגן ווי דערהאַרגעט. אַ שווערע שווייגעניש איז אויסגעשפּרייט אין אַלע דריי צימערן. אַ כאָלעם האָט אַראָפּ-

גענידערט, ער האָט זיי איינגעוויגט אין וואוילקייט. איז זיי גוט. בעני ליגט אָף צוויי צונויפגעשטעלטע בענק. פלוצלונג טוט ער זיך א וואָרף. אַ קרעכץ רייסט איבער די שטילקייט.

— אוי!!!

די פינצטערניש איז אויפגעטרייסלט. דער „אוי" האָט ווי מיט א שאַרפן מעסער אַ שניט געטאָן אין אַ וואונד. פון דער וואונד טריפט בלוט. ער עפנט די אויגן. ער איז צעמישט. אינמיטן שלאָף האָט אים עמיצער אַ שטאָך געטאָן. דער ווייטיק צעטראָגט זיך איבערן גאַנצן לייב. ער וויל שרייען, האָט ער מוירע. ער וויל רופן, ווייסט ער ניט וועמען. דעם טאַטן, צי די מאמען. קוקט ער אין דער פינצטערניש אַריין און זעט: אָפן בעט אַנטקעגן, ליגט דער טאַטע. ער איז אַזוי לאַנג... די פיס הענגען אַראָפּ פון בעט. און וואָס מער ער קוקט אָף אים אַלץ לענגער ווערט ער. ער זעט ווי זיין געשטאַלט ציט זיך אויס, גרוים און גרעסער. זי הייבט זיך אויף פון אָרט, ברעכט דורך די וואַנט און שטעלט זיך אַוועק אין דרויסן ביים פענצטער. די ווייסע פלעקן פון בעט-געוואַנט טאַנצן פאַר זיינע אויגן. זיי מישן זיך אוים, מיט דער נאַכט. ווערן באַשאַפן אַזעלכע קליינטשיקע פיגורן. זיי שפרינגען אין דער לופט און ווילן ניט אָפּטרעטן.

דער ווייטיק אין דער זייט איז גרוים. ער שניידט זיך אַריין טיף ביז צום פלייש. ער קאָן שוין ניט אויסהאַלטן און ער טוט אַ געשריי:

— ט אַ ט ע! ט אַ ט ע!

איצט שרייט ער שוין פון ווייטיק און שרעק. נאָך אַ מינוט און ער וועט ניט קענען שרייען מער.

— טאַטע! טאַאַאַ...טע!

— וואָס איז דאָרט, יונגאַטש, איינער? לאָז שלאָפן. אַז ניט וועל איך...

— עס טוט מיר וויי. אַזוי וויי!...

דער טאַטע קריכט אַראָפּ פון בעט:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ וועקן אינמיטן נאכט. ביסט מעשוגע געוואָרן?

ער דרייט אויף דאָס ליכט. בענים פּאָנים איז רויט—צעפלאַמט. די אויגן זיינען פארלאָפן מיט טרערן. דער בליק, אָנגעשטרענגט-צעשראָקן.

דער פּאָטער לייגט צו זיין האַנט צו בענים דייפיק. אַ האַסטיק קלאפּן. בעני איז אינגאנצן פאַרענדערט.

די מאַמע איז שוין אויך דאָ. זי זיצט אַפן ראַנד פון בעט און רעדט אזוי ראַכמאָנעסדיק מילד:

— וואָס טוט דיר וויי, בעני-לעבן? געבן דיר עפּשער אַ גלעזל וואַרימע מילך?

בעני זעט און הערט ווי מ׳שטייט אַרום אים, מ׳קוקט אַף אים. ער זעט דעם צאַרטן בליק, און ער שטויסט זיך אָן: עפּעס איז מיט אים געשען. ער פילט אַ גרויסע פאַרענדערונג איז פאָרגעקומען אין אַ קורצער צייט. אָט שוועבט ער שוין אין דער הויך. אין ווייטקייטן איז ער. אהער האָט ער שטענדיק געוואָלט גיין. אַהער האָט ער געבענקט. אַלץ איז דאָ אַנדערש. דער טאַטע. די מאמע. ער וויל עפּעס זאָגן, האָט ער

מוירע, טאַמער וועט אַלץ ווידער ווערן אַזוי ווי פריער... ליגט ער און שווייגט. און הערט. און לאָזט זיך גלעטן דעם שטערן.

בעניעלע, טייערער, וואָס איז דיר ? ? ?

און מיט יעדער מינוט וואָס דער ווייטיק שטאַרקט זיך און שניידט זיך טיפער אַריין אין פלייש, ווערט אים גרינגער אַריבער צו טראָגן.

לאַנגע מינוטן. מיט אַמאָל באַווייזט זיך אַ פרעמדער מענטש. ער טראָגט שוואַרצע אויגן-גלעזער. דער טאַטע מיט דער מאַמען טרעטן באַלד אָפּ פון בעט. דער פרעמדער זעצט זיך לעבן אים. בעני זעט דאָס אַלץ און קאָן נים פאַרשטיין. אַזוי גיך ווי יענער איז אַריינגעקומען, איז געוואָרן מאָדנע שטיל. די מאַמע איז צעשראָקן. דער פאָטער שטייט מיט אַ פינצטערן בליק.ביידע שווייגן און קוקן שטום. זיי וואַרטן. וואָס וועט ער טאָן, דער דאָקטער ? אין טיפער פאַרזונקענקייט פילט בעני, אז דער פרעמדער עפנט אים דאָס מויל. ער שטעלט אַריין אַ קליין רערל. דערנאָך הייסט ער אים זיך איבערדרייען אַף אַ זייט. ער קלאַפּט מיט זיינע פינגער אַף דער פלייצע, ער לייגט צו זיין אויער.

בעני וואַרט. וואָס וועט ווערן פון דעם שפּיל ?

דער דאָקטער זיצט און קלערט און מיט אַמאָל טוט ער אַ זאָג :

— אַ שטאַרקע פאַרקילונג. מ'וועט דאַרפן . . . אָט וועל איך עפּעס פאַרשרייבן. ער נעמט אַרויס אַ גראָבע, רויטע פאַנטן-פען און שרייבט גיך, גיך, אַף אַ קליין צעטעלע.

— אָט דאָס איז אַיינצורייבן די זייט. און פון דעם

פלעשעלע, זאָלט איר אים געבן דריי מאָל אַ טאָג, אין אַ גלאָז וואַרעם וואַסער.

בעני הערט שוין גאָרניט. עלסי איז פון ערגעצוואו אַרויס־געשוואומען. אָט שטייט זי לעבן זיין בעט.

— אַהאַ, עלסי! וואָס מאַכסטו? לאָמיר אַריינגיין אין צימער. דו וועסט שפּילן און איך וועל זינגען.

זיי זיינען שוין אין אַ גרויסן צימער. אַ בלוי ליכט שיינט אַראָפּ פון אַ גרויסן לאָמפּ. עלסי זיצט ביי דער פּיאַנאָ. ער שטייט אין אַ זייט און זעט ווי אירע פינגער טאַנצן אַרום אָף די ווייסע ביינדלאַך. פון דאָרטן ציט זי אַרויס וואונדערלאַכע קלאַנגען. דין און ציטערדיק טראָגן זיי זיך אַרום איבערן גאַנצן צימער. זיי פאַרוויגן און גלעטן. זיי מאַכן פאַרגעסן אָן אַלץ. ניטאָ שוין קיין ווייטיק. עס איז אים גוט. ער מוז אַרויס־שרייען:

— עלסי! ע ל ס י!

טאַטע־מאַמע קוקן זיך איבער:

— וואָס רעדסטו קינד? וואָס־אַראַ עלסי!

אַ לאַנגע, שווערע נאַכט. פאַרטאָג ערשט איז ער אַנט־שלאָפן געוואָרן.

אין־דער־פרי האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און ס׳איז אים געווען ליכטיק אין די אויגן. אַלץ אַרום איז געווען ליכטיק. אין די פענצטער האָבן געפונקלט שטיקער שיינען פון זון. איבער נאַכט האָט זיך דער דרויסן אינגאַנצן געענדערט. אַ גאַסט איז געקומען. דער פרילינג. האָבן די גאַסן געזונגען און געלאַכט. האָט זיך יאָנטעוו אויסגעשפּרייט אין דאַנטאַן.

בעני האָט גאָרניט געקאָנט געדענקען. ער האָט נאָר געוואוסט, אַז ער האָט געוואָלט ווערן קראַנק, איז ער געוואָרן. ליגט ער אַפּן בעט און קלערט, ווי וואויל און גוט אים איז. אַז אַלץ וואָס ער וויל קאָן ער אויספירן. ער געדענקט. ס׳איז געווען אַ טיפער שניי. אין אָט דעם שניי איז ער געלאָפן אין צעריסענע שיך. דאָס איז דאָך וואונדערלאַך. ווער נאָך וואָלט דאָס געקאָנט באַווייזן?

דרויסן שפּילן זיך קינדער. מ׳הערט זייערע קוילעס. עס הייבט אים אויף פון אָרט. אָבער אַרויסגיין טאָר ער ניט. דער דאָקטער האָט געהייסן ליגן אין בעט.

— אוי! ווילאַנג וועט עס דויערן? ווי לאַנג??

---

— העלאָ בעני! וואו ביסטו געווען אַזאַ לאַנגע צייט? ווייסט, מיר פאָרן זונטיק אין צענטראַל פּאַרק?

די גאַנצע כעוורע איז געווען פאַרזאַמעלט. סעמי איז ניט געוועזן. בעני האָט געקוקט אין אַלע זייטן. ווי פון אונטער דער ערד איז ער פּלוצלונג אויסגעוואַקסן.

— מיר וועלן אים אויך מיטנעמען!

— וואָס??? אים? ער וועט דאָך אינגאַנצן קאַליע מאַכן.

— אַזאַ קליינער.

ווינטעלאָ האָט זיך אוועקגעשטעלט און געוויזן אַף אַ נאָכקרימערישן אויפן, ווי אַזוי בעני וועט וואַרפן דעם באָל:

— איר זעט? אָט אַזוי וועט ער וואַרפן.

— ער וועט קענען מיטפאָרן, — האָט דזשייקי האַלב-

שפּאַסיק צוגעגעבן, — אָבער ניט שפּילן. ער וועט צוקוקן ווי מיר שפּילן.

סעמי האָט שטרענג באַפוילן:

— בעני וועט שפּילן. ער וועט זיין אַף מיין זייט.

ביי בענין האָבן אַ גלאַנץ געטאָן די אויגן. ער האָט אַ קוק געטאָן אַף סעמי'ן. אין אַ מינוט איז אַלץ געווען פאַרגעסן.

זונטיק האָבן זיי זיך געטראָפן לעבן אריינגאַנג פון סאָבוויי. אַלע זיינען געווען אָנגעטאָן אין די שפּיל־קאָסטיומען. מיט גרוים געפילדער האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן אין די וואַגאָנען. זיי האָבן אַריינגעבראַכט פאַרשייטקייט צווישן די אַלע פּאַסאַזשירן, וואָס זיינען געזעסן גלייכגילטיק־פאַרטראַכט.

אין דער ניין־און־פופציקסטער גאַס זיינען זיי אַרוים. בעני האָט געקוקט מיט באַוואונדערונג אַף די הויכע מויערן. דאָ איז אַלץ געווען אַנדערש, ווי אין דאַנטאַן. די ריינקייט אין די גאַסן, די פאַרבייגייער, די פרישקייט פון די פּענימער, אַלץ האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן.

דער פּאַרק איז געלעגן אין זיין גאַנצער זומערדיקער ראַכוועס. אין דער זייט, אַף אַ באַזונדערן וועג, האָבן אַרומגעריטן די רייכע איינוואוינער פון דער פיפטער עוועניו. די פערד זיינען געלאָפן גראַציעז, דעם קאָפּ אין דער הויך. די פרויען, אין מענערישע רייט־קאָסטיומען, זיינען געזעסן וואוילויונגעריש מיט שטאָלצן בליק אין די אויגן.

דער גרויסער שפּיל־פּלאַץ איז געווען פול מיט קינדער. זייערע קוילעס האָבן זיך צעטראָגן אין וויטסטע ווינקלען פון פּאַרק. און פון דאָרטן זיינען צוריק געקומען עכאָס, ווי אַן

ענטפּער פון אַנדערע קינדער, וואָס שפּילן זיך ערגעצוואו באַהאַלטענערהייט און מ׳קאָן זיי ניט זען. ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז פון יעדן ווינקל, פון יעדן גרעזל, טריפט אַראָפּ אַן אומענד־לאָכע פרייד. זי וואַקסט און פאַרמערט זיך. זי פאַרשפרייט זיך איבער דער גאַנצער ווייטקייט פון פארק, וואָס גרינט אַזוי שיין צווישן הויכע הייזער און האָט זיך אוועקגעלייגט אינמיטן גאס ווי אַ גרויס געלעכטער.

— אָ באָי! דאָס איז שוין איינמאָל אַ פעלד. דאַנטאַן איז ניטאָ אַזאַ.

— איר זעט? — האָט סעמי איבערגעריסן, — ווען איר וואָלט מיך שטענדיק פאָלגן, וואָלטן מיר אַלע זונטיק אהער געפאָרן. אָבער איר ווילט דאָך ניט. אַלע מאָל ווען איך זאָג אייך, ווילט איר ניט. איר ווילט נאָר, אַפּן בריק. מיין טאַטע זאָגט, ויען ער וועט אַרבעטן דעם זומער, וועלן מיר פאָרן ווינ־טער זיך ארויסקלייבן אפּטאַן. און איצטער מאכט זיך גרייט!

מ׳האָט אַ נעם געטאָן דאָס געצייג אין האנט אריין. זיך איבערגעוואָרפן מיטן באָל, יעדער האָט באקומען אָנגעוויזן זיין אָרט.

בוירני האָט דער ערשטער אַ וואָרף געטאָן דעם באָל. ער האָט זיך אַ טראָג געטאָן זייער הויך. באַגלייט פון ווילדע אויסגעשרייען, איז בוירני געלאָפן מיט די לעצטע קויכעס. אָט, אָט און ער איז באַם ציל.

אין דער מינוט האָט בעני פאַרריסן די אויגן. אויף גיך האָט ער מיטן בליק אָפּגעמאָסטן די ווייטקייט פון פאָלן. פלינקט ווי אַ קאַץ, האָט ער געגעבן אַ שפּרונג אונטער.

אַ כאַפּ געטאָן דעם באַל און צוריק געשליידערט, נאָך איי־דער בוירני האָט צייט געהאַט צוצולויפן צום אָרט.

איבערן גאַנצן פעלד האָבן זיך אַ טראָג געטאָן באַגייס־טערטע אויסרופן:

— אַטאַ באָי, בעני! דזשי ווים!

— לאָמיר אים געבן אַ טשיר! אַלע איניינעם. נו, אַלאַ מעם! אַלאַ מעם! מי טאַכאַם שישקי ד־בום בו, ראַ־ראַ־ ראַ־ראַ. בעני! בעני! בעני!

אין דער ערשטער רעגע האָט ער ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר. ערשטע ווען ער האָט דערהערט זיין נאָמען, איז ער שטיין געבליבן ווי צוגעשמידט צום אָרט. ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן.

דריי מאָל האָט זיך דאָס איבערגעכאַזערט. אין דער לעצטער סעקונדע איז ער אונטערגעשפרונגען, אַ כאַפּ גע־טאָן דעם באַל און פונקט אין צייט, אים צוריקגעוואָרפן. דער סאָף איז געווען: דריי צו איינס. געוואונען האָט סעמ׳ס גרופּע. אָבער געוואוסט האָבן אַלע, ווען ניט בעני... ווער ווייסט ווי אַזוי עס וואָלט זיך געווען אויסגעלאָזט. בוירני האָט אַפילו הויך אַף קאָל אויסגערופן:

— מיר וואָלטן אייך געווען צעקלאַפּט, אַזוי ווי דאָס לעצטע מאָל. נאָר בעני האָט אייך געראַטעוועט. מיר האָבן פּראַקטיצירט צוויי וואָכן.

מ׳האָט בענין אַ הויב געטאָן אין דער לופטן:

— בעני, דו ביסט אָל־רייט. אַן עמעסער בייז־באָל טשעמ־פּיאָן.

און בעשאַס אַלע אײנגלאַך האָבן זיך געוואונדערט אי־בער בענים גרויסן ניצאָכן, האָט ער בײַ זיך געטראַכט:

— ס'איז מײַן מאַזל. אויך דאָס האָט עס פּאַר מאר גע־טאָן. הײַנט מוז איך עס צוריק באַקומען. הײַנט וועט זיך סעם פון מיר ניט אויסדרייען. הײַנט וועט ער פּאַרלאַנגען זײַנס. די הענט האָבן זיך געשטרעקט אַזוי ווי זיי וואָלטן וועלן אויספּרואוון די אײגענע שטאַרקייט. ער האָט זיך געלאָזט גײן.

אָבער סעמי האָט זיך אויסגעדרייט. בעני איז אים פּאַר־לאָפן דעם וועג. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן און אים געקוקט גלײַך אין די אויגן אַרײַן. און דער קוק איז געוועזן שטאַרקער ווי יעדעס וואָרט. . מיט אַ ציטערדיקן קאָל האָט ער גערעדט:

— סעמי, איך וויל... זאָלסט מיר אָפּגעבן מײַן זאַך... איך האָב דיר געגעבן צו האַלטן און דו גיסט ניט אָפּ... וויל איך שוין ניט וואַרטן מער.

סעמי האָט זיך אַ ווײַלע פּאַרלוירן:

— וואָס? זע נאַר, ער מיינט, אַז ער האָט הײַנט גוט געשפּילט, איז ער שוין אַ....

ער האָט ניט פּאַרענדיקט. בעני האָט אַ הויב געטאָן די האַנט:

— איך וויל צוריק אָפּ מײַן זאַך. דו הערסט? איך וויל צוריק. גיב עס מיר אָפּ. אַז ניט... דו וועסט שוין זען.

סעמי האָט געמאַכט אַ מראַט אַף צוריק:

— וואָס ווילסטו? כ׳האָב ניט. כ׳האָב פאַרלוירן.

— ס׳אַליגן! איך זאָג דיר, גיב אָפּ, אַז ניט...

— וואָס וועסטו מיר טאָן, וועסט מיך שלאָגן?

— יאָ!

— העי, כעוורע! — האָט סעמי אַ רוף געטאָן, — בעני וויל זיך מיט מיר שלאָגן.

— מ׳איז צוגעלאָפן:

— בעני, ווייז אים, ווער ס׳איז שטאַרקער.

— ווייז אים, אַז דו קאָנסט זיך שלאָגן אויך! בעני, לאָמיר זען ווער וועט בעסער געבן קלעפּ. אַנו, פאַנג אָן.

— איך וועל זיין דער רעפערי, — האָט ווינטעלאָ זיך אַריינגעמישט.

ביי בענין האָבן געברענט די אויגן מיט צאָרן. איצט האָט ער געפילט אַ קויעך, וואָס קומט איבער שוואַכע אין געציילטע מינוטן פון זייער לעבן.

— וואָס, דו ווילסט זיך טאַקע שלאָגן? — האָט סעמי פאַרכידושט איבערגעפרעגט.

— אַז דו וועסט ניט אָפּגעבן, וועל איך זיך שלאָגן.

ס׳איז ניט געוועזן קיין אַנדער ברייִרע. סעמי האָט זיך פאַרמאָסטן מיט אַ קלאַפּ. בעני האָט אים פלינק אויסגעמיטן. אַלע מאָל, ווען יענער האָט אַראָפּגעלאָזט די האַנט, האָט זיך בעני אַ דריי געטאָן און די האַנט האָט געטראָפן אין דער ליידיגקייט. און בעשאַס סעמי האָט זיך קסיידער פאַרמאָסטן מיטן קולאַק, האָט בעני פאַרמאַכט זיינע אויגן. ער האָט זיך דורכגעריסן. מיט ביידע הענט אַרומגענומען דעם

צוויי־מאָל גרעסערן סעמין, און מיטן גאַנצן קויעך זיך איינ־געקלאַמערט אין אים, זיך איינגעביסן אין זיין לייב. און וואָס שטאַרקער ער האָט זיך איינגעביסן מיט די ציין אין פליישפון זיין סוינע, אַלץ מער האָט ער געפילט ווי ס'שטילט זיך אין אים אַ ברענענדיקער קאַס און ס'ווערט אים גרינגער.

מ'האָט זיי קוים פאַנאַנדערגעריסן. בעני האָט געהאַט אַ סימען אונטער די אויגן. אָבער סעמי האָט זיך געקאָר־טשעט אין דרייען. ער האָט אויסגעטאָן דאָס רעקל און געזען אַ שורע ציין אַפן לייב. בעני איז געשטאַנען אין אַ זייט. ער האָט אינגאַנצן געציטערט:

— איך האָב אים געגעבן צו באַהאַלטן עפּעס. גייט ער און נעמט עס צו. ער זאָגט אַ ליגן. ער האָט עס ניט פאַר־לוירן. איך מוז צוריק באַקומען מיין זאַך. איך מוז.

ער האָט גערעדט אַזוי אויפריכטיק אַז די אינגלאַך האָבן פאַרשטאַנען ווער דאָ איז גערעכט.

סעמי האָט געשוויגן. ער האָט ניט געהאַט וואָס צו ענט־פערן. ער איז געשטאַנען אַ פאַרשעמטער.

ס'איז געוואָרן נאַכט.

אַפן וועג אַהיים האָט זיך סעמי אונטערגערוקט צו בענין:

— איך וועל עס דיר אָפּגעבן. מאָרגן אַף דער נאַכט.

בענין האָט שוין באַנג געטאָן אַפן גאַנצן געשלעג.

— דו האָסט מיר שוין צוגעזאָגט עטלאַכע מאָל. איך האָב דיך אַרומגעזוכט און אַרומגעזוכט. דו ביסט ניט גע־קומען... מיינסט, אַז איך האָב דיך געוואָלט... נאָר איך בין געוואָרן אַזוי בייז...

אַלץ איז געווען פֿאַרגעסן.

דעם אַנדערן טאָג איז ער געגאַנגען אין עלען־סטירט. ס'איז שוין געווען פינצטער. ער האָט דערזען שטיין מענטשן. איז ער צוגעגאַנגען און דערהערט צעשראָקענע, אָפּגעריסענע ווערטער. באַלד איז אָנגעקומען אַן אַמבולאַנס־וואָגן. צוויי ווייס־געקליידטע זיינען אַרויסגעשפּרונגען, עפּעס אַ פּרעג געטאָן און זיינען באַלד אַריין אין טונקלען קאָרידאָר.

ער איז נאָכגעגאַנגען. פון אויבן איז געקומען אַ קלאָגנדיק קאָל. ער איז אַרויף אַפן דריטן שטאָק. די טיר פון איין צימער איז געווען אָפן. צעשראָקענע מענטשן זיינען אַריין און אַרויס. אונטערגעקרעכצט און אַנטשוויגן געוואָרן.

ער האָט זיך אויך דורכגעשטופּט. ער האָט דערזען. סעמי ליגט אַף אַ בעט און רייסט זיך אַף די גלייכע ווענט. אַ גרויסער ווייטיק הייבט אים פון אָרט. ער קאָן זיך ניט איינהאַלטן. ער וויינט און שרייט מיט באַנומענע קוילעס. די מאַמע שטייט אין אַ זייט, זי ברעכט די הענט. דער דאָקטער וויקלט דעם פוס אין אַ ווייסן באַנדאַזש. דערנאָך נעמט מען אים אַף אַ טראָג־בעטל. די שטוב בלייבט ליידיק. דער געוויין גייט נאָכן טראָג־בעטל. אונטן לייגט מען אים אַריין אין וואָגן. אַ קלונג. דער וואָגן טראָגט זיך אָפּ און ווערט פאַרשוואונדן צווישן אַנדערע מאַשינען.

די מענשן צעגייען זיך. די מאַמע אָבער הערט ניט אויף צו קלאָגן:

— מיטן טראַק איבערגעפאָרן... ווײ... ווײ... אַן אייגענער טאַטע... וואָס פאַר אַ שטראָף.

די מענטשן שאָקלען צו מיט די קעפּ... אַזאַ שווערקייט איז אין די רייד. קיינער וואַגט ניט צו זאָגן אַ וואָרט.

בעני גייט צוריק אַהיים. אין די אויערן קלינגען די לעצ־טע וויי־געשרייען פון סעמין און רודערן אויף דאָס גאַנצע געמיט.



# די גאַנצע מישפּאָכע

## קאַפּיטל זיבן

בעני האָט געהאַט דריי פעטערס מיט פיר מומעס. דער פעטער דזשאו מיט דער מומע גאָסי, האָבן געוואוינט אין ברוקלין. דער פעטער מאָריס מיט דער מומע דאָרע, אין בראָנקס. די מומע פעני, אַן אַלמאָנע, האָט געוואוינט אין אַ קליין שטעטל, לעבן ניו יאָרק.

דער פעטער לואי האָט געוואוינט אין לאָנג-איילאַנד. ער האָט געהאַט אַ פרוי, האָט זי געהייסן דזשעני. זי איז גע־קומען פון אַ קליין שטעטל אין דער סאוט. זי האָט פיינט געהאַט ניו יאָרק, ווייל זי האָט ניט געקאָנט פאַרליידן דעם

גרויסן טומל אין די גאַסן. האָט זי זיך איינגעשפּאַרט, זי וויל ניט וואוינען אין אַ גרויסער שטאָט.

האָט דער פעטער לואי איר צוליב געטאָן. ער האָט געקויפט אַ דריי־שטאָקיג הויז אין לאָנג־איילאַנד, מיט אַן אַרומגעצאַמט גערטענדל, אין אַ שטילער, זייטיקער גאַס. די פאָדערשטע פענצטער זיינען שטענדיק געווען פאַרהאָנגען אַף אַ העלפט. דורך די הינטערשטע, האָט זיך געזען אַ ברייט, שטיק פעלד. זומער האָט זיך פון דאָרט געטראָגן אַ פרישע גרינקייט. אינמיטן פעלד איז געווען אַ הויכע בריק. איבער דער בריק האָבן זיך קעסיידער געצויגן שווער־באַלאַדענע וואַגאָנען מיט פּרוכט פון קאַליפאָרניע, וואָס ניו יאָרק עסט אויף יעדן טאָג פון אַ גאַנץ יאָר. אָבער דאָס אַלץ האָט ניט געקאָנט אָפּשלאָגן די פרישקייט פון פעלד, וואָס האָט זיך אַקשאָנעסדיק געריסן דורך די פענצטער אין די גראַמע, לופטיקע צימערן.

היינט זיינען זיך אַלע אהער צונויפגעקומען, ווייל מ'האָט באַדאַרפט אַרומריידן אַ וויכטיקן איניען: וואָס טוט מען מיט די אַלטע טאַטע־מאַמע אין אייראָפּע?

דער פעטער דזשאו, מיטן קליינעם נעזל און די איינגעדאַרטע בעקלאַך איז געזעסן אין ווינקל פון דער פלושענער קאַנאַפּע; דער קאָפּ איז געווען אָנגעשפּאַרט אַף איין האַנט און די פאַרזשמורעטע אייגעלאַך האָבן געקוקט ווי דער בלוילאַכער רויך פון זיין קאָראָנאַ־ציגער שלענגעלט זיך גראַדליניק, אַרויפצו אין דער הויך. דער גאַנצער שמועס איז לאַכלוטן אים ניט אָנגעגאַנגען.

דער פּעטער מאָרים האָט זיך אַרומגעדרייט מיט די הענט אין די קעשענעס, געגלעט דאָס שפּיציק בערדל און גע־טראַכט: „עפּשער איז׳ס טאַקע אַ פּלאַן?“ ער האָט נאָר ניט געקאָנט פאַרשטיין איין זאַך: ווי קאָנען עס די ווייבער, אין אַזאַ וויכטיקער מינוט, שטיין אין קיך? די בלויע אָדער־לאַך אַרום די שלייפן האָבן ביי אים געציטערט פון אויפרע־גונג.

פון קיך האָט זיך געהערט אַ זאַטער געלעכטער. די געשמאַקע מאַכאָלעם האָבן זיך געפּרעגלט אין שמאַלץ און דער שאַרפער רייעך האָט זיך פאַרשפּרייט איבער אַלע צי־מערן.

דער פּעטער לואי האָט זיך געוויגט אין ווייכן שטול און ציילנדיק יעדעס וואָרט, האָט ער געגעבן צו פאַרשטיין:

—מ׳דאַרף זיי אַרויפנעמען אַהער... דאָס איז קלאָר... איז די פראַגע, באַ וועמען זאָלן זיי זיין? באַ מיר, ניט. איר ווייסט דאָך, מיין דזשעני וועט קיינמאָל ניט איינגיין דאַ־רויף. און ס׳אַנדערע, זיי דאַרפן וואוינען דאַנטאַן... דער טאַטע וועט דאַרפן האָבן זיין שאַבעס, זיינע אידן. וועט ער דאָס אַלץ ניט האָבן, ניט באַ מיר און ניט באַ דיר, דזשאו.

דער פּעטער מאָרים האָט זיך אָפּגעשטעלט:

— איך וויים, איך וויים, — האָט לואי ווייטער גערעדט.

— באַ דיר אויך ניט. באַ קיינעם ניט פון אונז. איז מיין אייצע, אַז... אַז מיר אַלע זאָלן צאָלן וואָכן־געלט. לאָמיר זאָגן, יעדער צען דאָלער אַ וואָך. און וואוינען זאָלן זיי באַ

מעקסן, דאַנטאַן. ער וועט נעמען פינף צימערן, פאַר אים וועט עס זיכער זיין גוט.

דער פעטער דזשאָו, וואָס איז די גאַנצע צייט געזעסן גלייכגילטיק צום גאַנצן איניען, האָט זיך מיטאַמאָל אַ דריי געטאָן אַף דער אַנדערער זייט:

— דאָס איז אַ געדאַנק, לואי! ס'איז אַ פּלאַן. דו, מאָרים, — האָט ער יענעם אַ נעם געטאָן פאַרן האַנט, — גיב נאָר אַ טראַכט. באַ מעקסן וועלן זיי דאָך טאַקע האָבן אי שאַבעס, אי יאָנטעוו. פּונקט ווי באַ זיך אין דער היים. און דער שלימאַזעלניק מעקס וועט דאָך זיכער גאָרניט דער־לייגן דערצו. פאַרקערט, ס'וועט אים זיין גרינגער צו צאָלן דירע־געלט.

ער איז צוגעלאָפן צו דער טיר און אַריינגעשריען:

— קומט אַריין, איר וועט עפּעס הערן.

די פיר מומעס זיינען אַריינגעקומען. די פּענימער פאַר־פלאַמט. און ווען ניט זייערע נעמען וואָלט מען זייער שווער געקאָנט אונטערשיידן איינע פון דער אַנדערער. זיי האָבן זיך שווער באַוואויגן. אַ מינוט זיינען זיי שטייען געבליבן באַ דער טיר און זיך צוגעהערט וואָס דזשאָו דערציילט:

— דער פּלאַן איז אַזאַ: מיר אַלע וועלן צאָלן וואָכן־געלט. טאַטע־מאַמע וועלן זיין באַ מעקסן. פאַר די אַלטע לייט וועט עס זיין גאָר גוט, איר פאַרשטייט? צווישן אידן, אַזוי ווי זיי דאַרפן. און מעקס אַליין, וועט אויך זיין צו־פרידן. ווי מיינט איר?

מ'איז אַריין אין עס־צימער. דער טיש איז געווען גרייט.

זילבערנע גאָפּל און מעסער האָבן געגלאַנצט אַף אַ שניי־ווייסן טישטוך. אַף לאַנגע טעלער איז געווען גרינוואַרג. פריש־אויפגעשניטענע טאָמייטאָס, מיט גרינע פּעפּערלאַך. די מומעס האָבן געטראָגן געשמאַקע מאַכאָלים. דער רייעך פון געבראָטנס האָט זיך געפּילט שטאַרקער ווי אַלץ.

ס׳האָט אַ קלונג געטאָן. עס זיינען אַריינגעקומען בעני, דער ערשטער, און נאָך אים דער טאַטע. אַף דער שוועל האָט ער זיך פאַרטשעפּעט אין דיוואַן און איז שיר ניט אומגע־פאַלן. ער האָט זיך פאַרשעמט, איז שטיין געבליבן אַ סע־קונדע און נישט געוואוסט וואָס צו זאָגן.

— העלאָ, מעקס! וואו איז ערגעץ דיינע? העלאָ בעני! פאַר וואָס אַזוי שפּעט? מיר האָבן געוואַרט ביז איצטער. זעצט זיך און כאַפּט אַ ביס.

באַם טיש זיינען ביידע געזעסן ווי פרעמדע. זיי האָבן געהאַלטן דאָס זילבער־געצייג פאַרקערט. דאָס מעסער אין דער לינקער האַנט און דעם גאָפּל אין דער רעכטער.

דער פעטער לואי האָט ווידער אָנגעהויבן:

— מעקס, מיר האָבן דאָ גערעדט וועגן דעם בריוו, האָסט אים געבראַכט?

מעקס האָט אַרויסגענומען אַ קליין קאָנווערטל, מיט אַסאַך מאַרקעס:

— נאַט, לייענט, — און ער האָט פאַרלייגט די הענט אונטערן טיש.

לואי האָט דעם בריוו גענומען אין האַנט אַריין, ער האָט באַטראַכט די קליינטשיקע אויסעלאַך, געשריבן מיטן אַלטן

פאַטערם האַנט. א שטילע נאַגעניש האָט אַף אים אַ בלאַז געטאָן פון די געדיכטע שורעס.

— מעקס, לייען דו, איך זע ניט אַזוי גוט.

בעני האָט באַטראַכט זיין פאָטער, ווי ער ווישט די אויגן-גלעזער, טוט אַ שטילן הוסט און נעמט לייענען: „מיינע טייערע קינדער. לעבן זאָלט איר אין גליקלאַכע יאָרן מיט אייערע גאַנצע מישפּאָכעס, אין אוישער און אין קאָוועד. ריישעם קומען מיר אייך מעלדן, אַז מיר זיינען האַשעם-איסבאָרייך געזונט; דאָסזעלבע פון אייך צו פאַרנעמען. אָבער צום געזונט דאַרף דאָך אַ מענש אויך האָבן פּאַרנאָסע. און אַלט זיינען מיר; איך און די מאַמע זאָל לעבן. און איר זענט זיך אַלע צעפאָרן. האָבן מיר באַשלאָסן: שלעכט איז אונז דאָ. אייך האָבן מיר ניט. וואָס-זשע זאָלן מיר טאָן אַליין? איז גלייכער פאָרן צו אייך. אַוואַדע האָבן מיר געמיינט אַנדערש. נאָר ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן, אַז ס'וועט קומען אַ מילכאָמע. מיר וועלן פאַרטריבן ווערן פון אונזער היים, בלייבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ און אַף די עלטערע יאָרן, וועלן מיר זיך דאַרפן איינבעטן באַ יענעם. די אָרימקייט איז זייער גרויס. אַלצאיינם דאַרפט איר אונז שיקן אַף צום לעבן. איז גלייכער, מיר זאָלן זיין צוזאַמען, די גאַנצע מישפּאָכע, קיינאיינהאָרע, אונזער מישפּאָכע! און זאָל גאָט געבן, מיר זאָלן ווי אַם גיכסטן דערלעבן זיך זען מיט אייך. ווייל דאָ בלייבן קאָן מען ניט. ס'איז שוין גע-קומען אַזוי ווייט, אַז מיר האָבן ניט מיט וואָס איבערצוקו-מען דעם טאָג. און ביז מיר דערלעבן צו זען פון אייך די פּאָר

דאָלער, קריכן אונז פּאַשעט די אויגן אַרויס. זייט־זשע זיך מעראַכעם, קינדערלאַך טייערע, און נעמט אונז צו זיך."

ער האָט געלייענט מיט אַ ציטערדיקער שטים. יעדעס וואָרט איז געווען דורכגענומען מיט טרויער. די לינקע באַק האָט באַ אים שטאַרק געציטערט. ער איז געווען בלאַס און אָפּגעמוטשעט, ווי פון אַ שווערער קראַנקהייט.

אַלע האָבן געשוויגן. קיינער האָט ניט געוואַגט אַרויס־צורײדן אַ וואָרט. און בעשאַס אַלע זײנען אַזוי געזעסן פאַר־קלעמט, פון דעם וואָס איז אַרויסגעלייענט געוואָרן פון בריוו, האָט בעני געזען אַרויסשווימען יענע געשטאַלט, וואָס האָט מיטן טאַטענס מויל גערעדט די ווערטער. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער זעט עמיצן שטיין, ערגעץוואו אין אַ ווייטן אָרט. און פון דאָרט שרייט יענער אַריבער די ווערטער. זיי קומען אַהער, זיי שטעלן זיך אויס אין אַ ריי. די גע־שטאַלט קומט נעענטער. איצט שטייט זי לעבן אים, זי קוקט מיט גרויסע, טרויעריקע אויגן. זי שטרעקט אויס די האַנט און בעט אָן לאַשען. דערנאָך גייט זי אַרויס אין דרויסן. זי ציט זיך אויס. אַלע מאָל לענגער, ווי אַ גרויסער, טונקלער שאָטן ציט זי זיך, איבער גאַסן און געסלאַך. זי פּילט אָן יעדעס ליידיקע ווינקל און דערציילט פון שווערע אומגליקן, וואָס קומען פאַר אָף דער וועלט.

מיט איר שאַרפן כוש כאַפּט זי אויף די שטילסטע קרעכצן, וואָס בלאָנדזשן אַרום אין דער ווייטער פרעמד. זי זאַמעלט זיי צונויף. זי בינדט זיי אין קראַנצן און טראָגט זיי וואו־

הין מ׳דאַרף. זי שפּריים זיי אוים אַף אַלץ וואָס קומט אַנט־קעגן.

— נו, — האָט מאָרים פּלוצלונג איבערגעריסן, — גענוג געלייענט. לואי האָט עפּעס צו זאָגן.

דער פּעטער לואי האָט פאַררויכערט אַ ציגאַר:

— וואָס איך האָב צו זאָגן, איז אָט וואָס: מיר, דאָס הייסט איך, דזשאו און מאָרים, וועלן צאָלן יעדער צו צען דאָלער אַ וואָך. טאַטע־מאַמע זאָלן זיין ביי מעקסן. דיר, מעקס, וועט זיין לייכטער צו צאָלן דירע־געלט; און פאַר די אַלטע לייט, וועט אויך זיין בעסער. ערשטנס, וועלן זיי זיך פילן באַ דיר בעסער. זיי דאַרפן אַ שול, היימישע אידן. באַ אונז וועלן זיי דאָס ניט האָבן. דאַנטאַן איז פאַר זיי צו־געפּאַסט. וואָס זאָגסטו?

די גאַנצע צייט, וואָס דער פּעטער לואי האָט אַזוי גע־רעדט, איז בענים פּאָטער געזעסן ווי אָפּוועזענד. ער האָט נישט באַנומען אַלץ וואָס מ׳זאָגט דאָ. ער האָט נאָר גע־וואוסט איין זאַך: מ׳וויל ניט טאַטע־מאַמע באַ זיך, וועלן זיי מוזן זיין באַ אים.

די מומע גאָסי האָט אַ בריטן שמייכל געטאָן:

— פאַרוואָס זאָל ער ניט וועלן, פאַרוואָס? ס׳איז דאָך טאַקע אַ גלייכע זאַך. נישט, עפּשער, מעקס?

מעקס האָט ניט געענטפערט. ער האָט נאָר דערפילט, אַז זיין גאַנצע, שווערע פיגור ווערט מיט אמאָל קלענער.

— דזשעני, — האָט איצטער דער פּעטער לואי אַ רוף געטאָן, — ברענג נאָר אַריין דעם היי־יאַריקן וויין. הערט

איר, — האָט ער זיך צו אַלע אַ ווענדט געטאָן, — האָב איך דאָס יאָר וויין! דאָס ערשטע מאָל, וואָס בא מיר איז אַזוי געראָטן. דריי פולע פעסלאַך. ס׳וועט סטייען אַף אַ גאַנץ יאָר.

באַלד זיינען אַפן טיש שוין געשטאַנען פיר, גרויסע פלע־שער, רויטער וויין. דער פעטער לואי האָט אָנגעגאָסן די גלעזער און ניט אויפגעהערט צו לויבן:

— פּאַרזוכט נאָר, וויין! איר וועט באַלד זען, וואָס דאָס איז. נו, טרינקט. — און אַליין אויסטרינקענדיק עט־לאַכע גלעזער איינס נאָכן אַנדערע, האָט ער זיך אַ ווײַלע אַרומגעקוקט און ווייטער אָנגעהויבן ריידן:

— איך ווייס איין זאַך: ווער ס׳וויל אַרבעטן אין אַמע־ריקע, דער קאָן מאַכן אַ לעבן. יעדער איינער קאָן זיך אין אַמעריקע אַרויפאַרבעטן.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט:

— אָט נעמט מיך לעמאָשל: געאַרבעט אַזוי לאַנג ביז... געקומען צו עפּעס. אָט האָב איך לעצטע וואָך שוין געקויפט דאָס צענטע הויז. עמעס, ס׳איז ניט אַזוי לייכט אויפצומאָ־נען דירע־געלט, ביפראַט ווען מ׳האָט נאָך צו טאָן מיט אי־טאַליענער. אָט, אַ מיעס פאָלק, די „וואָפּס”.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ רעגע און זיך דערמאָנט:

— פאַר צוויי וואָכן, איז מיר אויסגעקומען אַרויסצו־וואַרפן איינעם. האָבן זיי זיך פאַרזאַמעלט עפּשער אַ צוואַנ־ציק, און געקאָכט האָבן זיי זיך! אַף זייער שטייגער. ווע־מען־זשע אַרט עס, וואָס זיי קאָכן זיך? מיך ניט. דירע־

געלט מוז מען צאָלן. ס'אַ געזעץ. דאָ איז ניט יוראָפּ. ס'איז אַמעריקע.

— וואָס האָט ער זיך אַזוי צעדאַרשענט, — איז די מומע גאָסי בייז געוואָרן. — אָט האָט דזשאו באַוויזן אין איינע זעקס יאָר דאָס, וואָס אַנדערע האָבן ניט געקאָנט באַווייזן אין צען. פונדעסטוועגן באַרימט ער זיך ניט. ווען מען גייט עס דען אָן, אַז ער וועט שוין האָבן אַ שאַפּ אין דער זעקס-און-דרייסיקסטער גאַס? האָסטו געזען אַביסל, ווי ס'באַרימט זיך!

בעני איז איצט געזעסן אין אַ זייט. ער האָט געזען ווי דער טאַטע גיסט אַלע מאָל אָן אַ גלאָז ווייַן, אין איין מינוט טרינקט ער אויס און גיסט ווידער אָן.

ער האָט ניט גערעדט, דער טאַטע זיינער. ער איז נאָר געזעסן אַף אַן אָרט, קעסיידער געקוקט אַף די פלעשער מיט ווייַן און געשוויגן. די אַלע רייד האָבן זיך אָנגעשלאָגן אין זיינע אויערן און דערציילט האָבן זיי פון אַשירעס און וואוילטאָג. דאָס געמיט זיינס איז געווען שווער. ער האָט געטראַכט וועגן אייגענעם מאַזל, וואָס האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן. וועגן דעם וואָס ער זיצט באַ אייגענע ברידער און זיי ריידן אַזעלכע רייד, וואָס טוען אים שטאַרק וויי. און זיי טוען דאָס טאַקע נאָר צוליב דעם, עס זאָל אים וויי טאָן. די גאַנצע שאָפלדיקייט, וואָס אָרימע לייט דערפילן באַם אָנבליק פון אַשירעס, האָט איצט אַף אים אַ שלאָג געטאָן. ער האָט געשוויגן, האַרט און שטום.

די טיר האָט זיך פלוצלונג אָן עפן געטאָן. ס'זיינען אַריינ-

געקומען פּיליפּ מיט עלסין. ביידע האָבן געהאַלטן „טעניס־רעקעטס“ אין די הענט. די פּענימער זייערע זיינען געווען צעהיצט. דערזעענדיק אַן אומבאַקאַנטן מענשן, זיינען זיי שטיין געבליבן פון דערוווייטנס.

— פּיל, — האָט זיך אָפּגערופן די מומע דאָרע, — גיי צו. דאָס איז בעני. ער איז דיין געשוועסטער־קינד, דעם פעטער מעקס אַ אינגל.

— און דו, עלסי, וואָס שטייסטו, דערקענסט ניט בענין? ער איז דאָך געווען בא אונז, ביי העריס פּאַדי, — האָט איר פאָטער אַ זאָג געטאָן.

— אָ, יעס. העלאָ! איך געדענק טאַקע.

בעני האָט אַף איר אַ קוק געטאָן. ס'איז אים געוואָרן ליכטיק אין די אויגן.

זי איז געגאַנגען אָנגעטאָן אַ לייכט, ווייס קליידל, ווייסע לייווענטענע שיך. אינגאַנצן ווייס. אין די האָר האָט זי געהאַט פאַרפלאָכטן אַ בלויע באַנד. פּונקט אַזאַ באַנד ווי דעמאָלט, ווען ער האָט זי געזען דאָס ערשטע מאָל. ער האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט, איז צו איר צוגעגאַנגען און אויסגעשטרעקט די האַנט. זי האָט אים דערלאַנגט איר ווייס, קליין הענטל, מיט די לאַנגע פינגער. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער זי איז באַלד אַוועק צום טיש און זיך אַוועקגעזעצט באַם אַנדערן עק.

זי האָט זיך שטאַרק געפרייט:

— היינט האָב איך געוואונען. פּיל האָט אַזוי שלעכט געוואָרפן. ער האָט אינגאַנצן פאַרגעסן טעניס־שפּילן. כ'דענק,

אַז דאָס קומענדיקע מאָל וועט ער שוין גאָר ניט קענען. אַז אַלע מאָל גייט עס באַ אים ערגער און ערגער.

די ראַדיאָ האָט אַ גרילץ געטאָן. אַ גראָבע שטים האָט אָנגעזאָגט: „אין אַ מינוט אַרום וועט יאָסעלע ראָזענבלאַט זינגען אײַלי, אײַלי. אויפּפּאַסן!״

און באַלד טאַקע האָט זיך דערהערט זײַן קאָל. קלאָר און דײַטלאַך האָט ער געזונגען: „אײַלי, אײַלי, לאָמאָ אַזאַווטאָנו... לאָ אָ מ אָ ?״

די מומעס האָבן פאַרוואָרפן די קעפּ און אונטערגעזיפצט. דער פעטער מאָרים האָט געהאָלפן זינגען. ער האָט פאַר־מאַכט די אויגן און האָט זיך צעלאָזט נאָך העכער: „אײַלי, אײַלי, לאָמאָ אַזאַווטאָנו...״

עס איז שוין געווען גוט פינצטער, ווען בעני מיטן טאַטן זײַנען אַרוים פון הויז. און פאַרנדיק אין דער אונטער-ערדי־שער באַן, האָט ער נאָר געטראַכט פון יענער געשטאַלט, וואָס האָט געשריבן יענעם טרויעריקן בריוו. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און געזען האָט ער אַן אַלטן, גרייזגרויען מאַן. אַף שטילע טריט גייט ער. קוים וואָס מ׳קאָן הערן. און ליכ־טיקע אויגן האָט ער. ער קומט נעענטער. ער זאָגט אַרויס אַ וואָרט, און אַלץ ווערט אַנדערש. עס ענדערט זיך דער גאַנצער סיידער. ער דערלאַנגט אים די האַנט און טוט אים אַ גלעט איבער דער רעכטער באַק, און גייט אַוועק. נאָך איין מינוט, און ער איז שוין ניטאָ.

אין דער היים האָט זיך געטאָן כווישעך. די מאַמע האָט געשריען און געוויינט:

— איך וויל ניט... כ'האָב ניט קיין קויאַך. זאָלן די געווירעם זיי נעמען צו זיך. איך וויל ניט... און וועל ניט...

די קליינע סילוויע האָט געקוקט צעשראָקן. באַב האָט זיך געריבן די אייגעלאַך און זיך געגרייט צו וויינען. דער פּאָטער איז געזעסן, געהאַלטן אַ גלעזל טיי אַרומגענומען מיט ביידע הענט. ער האָט ניט געענטפערט.

בעני האָט זיך צוגעהערט צו די געשרייען. ער האָט ראַכמאָנעס געהאַט אַפן טאַטן. אַ מידער איז ער אַוועקגעפאַלן אַפן בעט. דורך די האַלב־אָפענע אויגן, האָט ער געזען, ווי דער טאַטע זיצט. ער קוקט אַף איין אָרט נאָר און שווייגט. די מאַמע זיצט אין אַ ווינקל און וויינט. באַב ליגט באַ אים צופוסענס. די קליינע סילוויע, באַ דער מאַמען אַפן שויס. עס איז שטיל אין צימער.

ער פאַרמאַכט די אויגן. דער שיין פון איינציקן לעמפּל ווערט שמעלער און שמעלער. ער הערט טיפע זיפצן. זיי פאַלן ווי שווערע שטיקער וואָג. און ער ווערט אַנטשלאָפן.



# דערוואַרטונג

## קאַפּיטל אַכט

אין שול האָט מען שוין געלערנט נאָר האַלבע טעג. אַף דער שוועל פון ברייטן טויער, איז איצט געשטאַנען מים בראַון. איר שמייכל איז געווען ברייט און מילד. גערעדט האָט זי שטיל, מיט אַ זינגענדיקן קאָל, אַזוי ווי זי וואָלט מוירע געהאַט צו דערוועקן די דערינערונג פון מים סמיט, וואָס איז שטענדיק דאָ געשטאַנען מיט קאַלטער שטרענג-קייט.

בענים רעפּאָרט-קאַרטל איז שוין געווען פאַרטיק. ער האָט געוואוסט, אַז פון אָנהויב ביז אַראָפּ האָט ער לויטער ב׳ס. האָט ער די היים-אַרבעטן שוין ניט געמאַכט. ער האָט זיך

געגרייט צום גרויסן, יערלאַכן קאָנטעסט פון מאַרבל־שפּיל. יעדן טאָג האָט ער פּראַקטיצירט מיט אָנגעשטרענגטקייט.

עס איז געווען אַ זייגער פינף נאָכמיטיק, ווען ער איז צו־געקומען צום בריק. עס האָבן געוואַרט ווינטעלאָ, דזשייקי, בוירני און אַנדערע. דזשענעט איז אויך געווען. פאַר דער צייט, וואָס בעני האָט זי ניט געזען, איז זי שטאַרק אויסגע־וואַקסן. זי האָט געהאַט קורץ־געשוירענע האָר, פאַרלייגט הינטער די אויערן. די ליפּן זיינען געווען אַביסל רויט גע־פאַרבט. זי האָט געהאַלטן אַ קאַרטל אין האַנט און געוויזן:

— סעם האָט עס מיר געשיקט פון שפּיטאָל. ער שרייבט, אַז ער וועט שוין באַלד זיין געזונט. אין צוויי וואָכן אַרום, וועט ער זיין צוריק אין דער היים.

בוירני האָט זיך צעלאַכט אַף אַ קאָל:

— וואָס? ער איז דיין „פעלאָ?" — און צו די איב־ריקע האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— הערט נאָר, כעוורע! דזשענעט האָט שוין אַ „פעלאָ". און טרעפט, ווער דאָס איז?

דזשייקי האָט געפּרואווט טרעפן:

— דאָס איז . . . היימי?

— ניין.

— שאַ, וואַרט נאָר, סעם...

— געטראָפן. טאַקע סעם. זיי וועלן כאַסענע האָבן...

דזשענעט האָט זיך שטאַרק פאַרשעמט:

— ביסט אַ ליגנער! איך האָב אים געשריבן אַ בריוו אין שפּיטאָל אַריין, האָט ער מיר געענטפערט. ער איז געווען

זייער קראַנק. מ׳האָט געמיינט ער וועט שוין בלייבן נאָר מיט איין פוס. האָט ער מיר געענטפערט אַ קאַרטל... דאָס אַלץ.

אַלע האָבן עס באַטראַכט. ווינטעלאַ האָט געגעבן צו פאַרשטיין:

— איר זעט, דאָס מיידל וואָס שטייט באַם פענצטער? דאָס איז דזשענעט. זי קוקט אַראָפּ צו סעמין. איר זעט, צי ניט? און אַט פרעגט זי: „האָסטו מיך טאַקע אָף אַן עמעס ליב?" און ער ענטפערט: „איך האָב דיך ליב. זייער שטאַרק ליב." ווי גייט דאָרט דאָס לידל:

דו ביסט דער צוקער פון מיין קאַווע,
דו נאָר, דו אַליין.
דו ביסט דאָס זאַלץ פון מיין עסן,
דו נאָר, דו אַליין?

אַלע האָבן מיטגעזונגען. דזשענעט איז געוואָרן רויט. זי האָט זיך אויסגעדרייט אין אַ זייט.

בעני איז צו איר צוגעגאַנגען:

— דזשענעט, הער ניט וואָס זיי זאָגן. זיי זיינען שלעכ־טע. סעמי וועט אַהיים קומען וועסטו אים דערציילן, און ער וועט זיי שוין ווייזן. ער...

— העי, בעני, דו האָסט שוין אויך אַ „סוויטהאַרט"?

ער האָט אָף זיי אַ קוק געטאָן:

— יאָ, איז וואָס? געפעלט אייך ניט?

— עס געפעלט אונז שוין גאָר, — האָט בוירני זיך צו־גערוקט נענטער. — נאָר איין זאַך ווילן מיר וויסן. ווי אַזוי

קענסטו האָבן אַ „סוויטהאַרט“, אַז דיינע אויגן קוקן ביידע צו דער נאָז? דו קאָנסט זי דאָך קיינמאָל ניט זען.

— וואָס ווייסטו ניט? זיי היטן אָפּ די נאָז, אַז קיינער זאָל זי באַ אים ניט צוגאַנווענען.

— ווי אַזוי הייסט דיין „סוויטהאַרט“?

— ווי אַזוי זעט זי אויס?

— איז זי אַ בלאָנדע?

— אַ ברונעטע?

— עפּשער גאָר אַ רויטע, אַזוי ווי דזשענעט?

אַלע זיינען געשטאַנען אַרום אים און געוואַרט אַף אַן ענטפער.

פּלוצלונג האָט זיך בעני דערמאָנט אין עלסין. ווי פון אַ באַהעלטעניש איז זי אַרויסגעקומען. אומפאַרהאָפט. מיטן בלויען באַנד אין די האָר פאַרפלאָכטן, איז זי געשטאַנען הינ־טער זיינע פּלייצעס און האָט אים איינגערוימט אַ סאָד. ער האָט געהערט ווי זי רעדט:

— דערציייל זיי! האָב ניט קיין מוירע. דערציייל, אַז איך קאָן שפּילן אַף דער פּיאַנאָ... אַז איך קאָן גוט שפּילן טענים... שעם זיך ניט... וואָס שטייסטו?

אָבער ער איז געשטאַנען אַף אַן אָרט און זיך ניט גע־קאָנט רירן. ווי פון שלאָף באַפאַלן איז ער געשטאַנען אין גרויסער פאַרגאַפונג. און מיטאַמאָל האָט ער אָנגעהויבן רייך!...

— איך האָב אַ געשוועסטער־קינד, הייסט זי עלסי. איז זי... זי האָט ווייסע פינגער... ווען זי לייגט זיי צו צו דער

פיאַנאָ... איר האָט זי נאָך קיינמאָל ניט געזען. און איר וועט זי טאַקע קיינמאָל ניט זען. זי וואוינט אין ברוקלין. איר טאַטע איז מיין פעטער. ער איז רייך. אוי, איז ער רייך...

די אינגלאָך האָבן זיך איבערגעקוקט. ווינטעלאָ איז צו־געגאַנגען נעענטער. ער האָט אים אַריינגעקוקט גלייך אין די אויגן און אַ זאָג געטאָן:

— הי איז קו־קו.

בעני האָט פאַרשטאַנען אַז מ׳לאַכט פון אים. האָט ער זיך אַף גיך אויסגעדרייט און זיך געלאָזט לויפן.

אַף די טרעפּ פון בריק האָט אים דזשענעט אָנגעיאָגט. זי האָט אים אָנגענומען פאַר דער האַנט:

— בעני, — האָט זי ווייך אַרויסגערעדט, — פאַרוואָס ווייִנסטו? האָסט דאָך אַליין געזאָגט, אַז זיי זיינען שלעכטע. איצטער ווייִנסטו גאָר?

ס׳איז אים אָנגעקומען שווער צו עפענען דאָס מויל. דזשענעט האָט ווידער אָנגעפאַנגען:

— ס׳איז טאַקע עמעס, אַז דו האָסט אַ געשוועסטער־קינד, צי דו האָסט זיי נאָר אָפּגענאַרט?

— ניין, — האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן, איך נאַר ניט אָפּ. עלסי הייסט זי. און זי קען טאַקע שיין שפּילן. זי איז ניט אַזוי הויך ווי דו, און איינמאָל האָט זי זיך מיר געכאָלעמט. אַלע מאָל זע איך איר פּאָנים. ווען איך וויל, קאָן איך זי זען.

— ווי אַזוי?

— אַז איך פֿאַרמאַך די אויגן. אָט אַזוי, זע איך זי אינ־גאַנצן.

— גיי, דו נאַרסט מיך אָפּ.

— ניין, דזשענעט, איך נאַר דיך ניט אָפּ. איך קען זען אַסאַך זאַכן, ווען איך פֿאַרמאַך די אויגן.

אַ ווײַלע האָבן בײדע געשוויגן. דזשענעט האָט אַראָפּ־געלאָזט דעם קאָפּ.

בײַ דער טיר פֿון הויז האָט זי זיך אָפּגעשטעלט, אַ קוק געטאָן אַף בעניין און געפֿרעגט:

—איז זי טאַקע דײַן „סוויטהאַרט” אַף אַן עמעס?

ער האָט זיך פֿאַרטראַכט. דערנאָך האָט ער צוגעגעבן:

— איך ווייס ניט. אָבער שטענדיק וויל איך זי זען... זי... זי...

ער האָט ניט געקענט פֿאַרענדיקן דאָס וואָרט. דזשענעט האָט אַף אים אַ קוק געטאָן און געזאָגט:

— איך האָב פֿיינט דײַן עלסין. מײַן טאַטע איז רײַכער פֿון אירן. און איך האָב שענערע זאַכן פֿון איר.

זי איז שנעל אַרויפֿגעלאָפֿן אין הויז.

בעני איז שטיין געבליבן. ער האָט ניט געקאָנט פֿאַר־שטיין, פֿאַרוואָס איז דזשענעט אַזוי בייז.

---

אַ גאַנצן אין־דער־פֿרי האָט געקלונגען דער טעלעפֿאָן. ווי אַ נישט־גוטס וואָלט קעסיידער אַרויסגעשריען פֿון דעם שוואַרצן קעסטעלע אַף דער וואַנט:

— העלאָ! מעקס? מ׳דאַרף אַריינגיין אין האַיאַם זען, אַז אַלץ זאָל זיין אין אָרדנונג.

— העלאָ! די שיף קומט אַריין, זעקס אַ זייגער פאַר־נאַכט. אין דער פערצענטער גאַס.

— העלאָ! מעקס, דאַרפסט שוין ניט גיין אין האַיאַם. איך האָב אַ בריוול פון סענאַטאָר קוירק.

די אַלע העלאָס האָבן דעם פאָטער אַזוי צערודערט, אַז ער האָט ניט געוואוסט וואָס פריער צו טאָן.

די מוטער איז געשטאַנען אין א זייט. אַלע מאָל, ווען דער טעלעפאָן האָט אַ קלונג געטאָן האָט זי געוואָרפן אַ בייזן בליק:

— אָנגעזעצט זיך אַף מיר, די נעגידים דיינע.

און צו די ווייבער וואָס זיינען געשטאַנען אַרום האָט זי צוגעגעבן:

— האָט איר געהערט אַזוינס? איינס ווי דאָס אַנ־דערע אָנגעשטאָפּט. קומט אַ טאַטע פון יוראָפּ, וויל מען אים ניט האָבן ביי זיך. יענע שנורן האָבן דאָך איידעלע הענטעלאַך. איך מעג אויסגעריסן ווערן, וואָס אַרט עס זיי?

בעני איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אין דער זייט. ער האָט געוואַרט. אַלע זיינע כאַווירים האָבן שוין געוואוסט: עס קומען צו אים געסט. אַ זיידע מיט אַ באָבן. בעני האָט געוואוסט, אַז זיי קומען נאָר צו אים. און, ווען זיי וועלן קומען, וועט זיין גוט. אַלץ וועט ווערן אַנדערש. די מאַמע וועט ריידן שטילער. דער טאַטע וועט ניט שווייגן. גאַנ־

צענע טעג איז ער אַרומגעגאַנגען ווי אין אַ כאָלעם. אין שול איז ער געזעסן און ניט געהערט קיין איין איינציק וואָרט, וואָס מיס בראַון זאָגט. האָט זי אים טאַקע געפרעגט:

— בעני, ווידער עפּעס נייס?

טייערע, גוטע מיס בראַון! ווי זי דערקענט עס אַזוי גיך! פון איר קאָן מען טאַקע גאָרניט באַהאַלטן. זי קען אַריינקוקן אין הארצן. זי רעדט אַרויס אַ וואָרט, מוז מען אַלץ אויסדערציילן. האָט ער דערציילט:

— יאָ, מיס בראַון. מיין זיידע מיט דער באָבן קומען. פון אייראָפּע קומען זיי.

מיס בראַון האָט געפרעגט:

— פון וואַנען קומען זיי? פון פּוילן?

— ניין, פון רוסלאַנד.

— אָ, — האָט זי אַ זאָג געטאָן, — פון רוסלאַנד? — און באַלד טאַקע צוגעגעבן: — גוט וואָס זיי זיינען אַוועק פון דאָרטן. דאָרט איז זייער שלעכט. מ׳הארגעט דאָרטן מענטשן אינמיטן גאַס. מ׳נעמט פון זיי אַראָפּ די קליידער. מ׳איז ניט זיכער מיט׳ן לעבן דאָרט.

בעני האָט ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס מיס בראַון איז אַזוי אויפגעבראַכט. זי האָט אים דערלויבט צו בלייבן אין דער היים.

און ער האָט זיך דערוואַרט. די שטוב איז געוועזן צוגע־גרייט. טיש און שטולן אַף אַן אָרט. דער טאַטע איז געוועזן אָנגעטאָן אין אַ נייעם אָנצוג, אַרומגעוואַשן פון די פעדערן און פון שלעכטן רייעך. די מאַמע איז געשטאַנען ביים גאַז־

אייוועלע און געשוויגן. באַב און סילוויע האָבן אויך פאַר־שטאַנען, אַז היינט איז עפּעס אַנדערש ווי טאָמעד.

בעני האָט ניט געקאָנט עסן די הייסע זופּ. אַלע מאָל איז ער צוגעלאָפן צום שפּיגל, פאַרשאַרט די האָר, זיי זאָלן ניט זיין אַזוי צעשויבערט און געוואַרט דער טאַטע זאָל זיך שוין אויפהייבן פון אָרט.

ביים גרויסן „פּיר" פון דער קונאַרד ליין האָט זיך געטומעלט. מאַשינען און מענטשן האָבן זיך אויסגעמישט אין א גרויסן ווירוואַר. ווען בעני מיטן טאַטן זיינען צוגעפאָרן האָבן זיי שוין געטראָפן די פעטערס, מיט זייערע ווייבער און קינדער. דער פעטער לואי איז געווען זייער אויפגעלייגט. ער האָט געטיילט ציגאַרן און קענדי:

— מ'וועט זיין אָל־רייט. כ'האָב אָנגעקלאַפּט אין די ריכ־טיקע טירן. סענאַטאָר קווירקס אַ בריוו מיינט עפּעס. און אַז מ'וועט דאַרפן, קען איך אַ רוף טאָן דעם הויפּט פון מיין דיסטריקט, וועט ער שוין אַלץ אַראַנזשירן; ער איז אויך ניט אַבי־וועער.

מ'איז אַרויף אין גרויסן וואַרט־זאַל. דורך דער גלעזער־נער וואַנט האָט מען געזען, ווי דאָס וואַסער שפּיגלט זיך אַנט־קעגן דער זון. עס לויכט און שימערירט פאַרשידנ־פאַרביק. דער הייסער טאָג האָט זיך שוין ביסלאַכוויז גענומען אָפּ־קילן. לייכטע ווינטלאַך האָבן זיך אָנגעטראָגן פון נאָענטן וואַ־סער. די קילקייט האָט אָפּגעפרישט און פאַרטריבן די מיד־קייט פון די אייוועריס.

און אָט! פון וויטן זעט זיך אַ רויך. ווי אַ זייל שטייגט

ער אַרויף אין דער הויך. ער ברעכט זיך איבער און שלעפּט זיך נאָך. און אָט זעט מען שוין אַ ריזיק־גרויסן קאַסטן, וואָס באַוועגט זיך פּאַרויס. ער קומט נעענטער און נעענ־טער. מען שטעלט זיך אָף די שפּיץ־פינגער. מ׳שטרעקט אויס די העלזער. מ׳לאָזט ניט אַרויס פון אויג די שוואַרץ־געדיכטע פּאַסן רויך. עס דאַכט זיך, אַז פון אַ טיפעניש קומען זיי אַרויף און ווערן מיטאַמאָל צעשוואומען אין דער לופט.

בעני וויל אויך זען. בעט ער זיך:

— פּאַ, לאָז מיך אויך קוקן.

הייבט אים דער פאָטער אויף אין דער הויך. ער זעצט אים אַרויף צו זיך אַפן אַקסל און ווייזט אים אָן:

— זעסט דאָרטן דעם רויך? דאָס איז די שיף.

די אומרואיקע אויגן שטרענגען זיך אָן. זיי זוכן און קענען ניט זען וואָס זיי ווילן.

און אָט זעט מען שוין באַלד די שיף. שטאָלץ און זיכער שווימט דער ליוויאָסן פון די יאָמים. ער שניידט אַריין אין די כוואַליעס און זיי צעלויפן זיך מיט אַ ווייסער שוים. זיי מאַכן פאַר אים אַ וואַרע. אַ ווייסער וועג איז גרייט. מ׳זעט שוין מענטשן שטיין, ווי קליינטשינקע פינטעלאַך זעען זיי אויס פון דער ווייטן. זיי באַוועגן זיך ניט. נעענטער און נעענ־טער. מ׳זעט ווי עס פלאַטערן ווייסע טיכלאַך. פון דאַנען ענטפערט מען אָפּ. מ׳רופט אויס אַ נאָמען. מ׳ציטערט פון אויפרעגונג. נאָך אַ ווײַלע און מ׳וועט זיין מיט נאָענטע און אייגענע, פון וועלכע מ׳איז געווען אָפּגעשיידט יאָרן גאַנצע.

מ׳גריסט זיך פון זייטן. קיין אונטערשיד ניט ווער, וועמען. אַלע זיינען פריינט.

דאָס ערשטע מאָל, אַז בעני זעט אַזאַ גרויסע שיף. ס׳איז אַזאַ וואונדער וואָס ער קאָן ניט באַנעמען. ווי אַ מייסעלע איז עס אַרויסגעשוואומען פון ערגעצוואו. און דאָס מייסעלע זעט ער מיט די אייגענע אויגן. עס איז דאָך טאַקע אַן עמעסע, אַ וואָרהאַפטיקע זאַך. עס דערנעענטערט זיך לאַנג־זאַם. נאָך אַ ווײַלע, נאָך אַ ווײַלע.

אַ ברומען. אַן אָנזאָג: מאַכט מיר פּלאַץ. איך קום. און פון אַלע זייטן ענטפערט מען אָפּ מיט אַ פּייפעריי: זיי געגריסט, אונזער גרויסער גאַסט אין היימישן האַפן. זיי גע־גריסט.

ס׳לויפן צו צוויי, קליינע שיפלאַך. זיי דרייען זיך פון אַלע זייטן, ביז זיי קומען צו צו אים. זיי זעען אויס ווי קליינע מוראַשקעס אַרום אַ גרויסן ריז. זיי האָבן מוירע פאַר אים. ער קאָן זיי נאָך דערלאַנגען אַ זעץ אין זייט. דרייען זיי זיך זייער פאָרזיכטיק.

אָבער זיי קומען צו. זיי שפּאַנען איין דעם ריז אין גראָבע שטריק און שלעפּן אים ווי אַ געפאַנגענעם.

— זעט, טוט דער פעטער דזשאָו אַ געשריי, דאַכט זיך, אַז דאָרטן. אָט, שטייען זיי.

— וואו, יענער דאָרטן?

— איר זעט ניט יענעם אַלטיטשקן? אָט איז ער דאָך, איך דערקען אים. יעס סער, דעטס הים!

מ׳האָט טאַקע שוין געקאָנט דייטלאַך זען, אַן אַלטיטשקן

ווי ער שטייט מיט אַ טיכל אין האַנט, און ער באַוועגט עס זייער לאַנגזאַם.

אַרום און אַרום אויסגעשרייען. גרויסע פרייד. טרערן. ס׳דאַכט זיך, אַז אַלע מענשן פון דער טריקעניש ווילן אויס־שרייען אַ לויב און אַ דאַנק צום ליכטיקן מאַזל, וואָס האָט זיי נאָך יאָרן וואַרטעניש, ווידער צונויפגעפירט מיט אייגן בלוט־און־פלייש. קוילעס מישן זיך צוזאַמען. מ׳ווייסט ניט ווער, ווער צו וועמען, עס מאַכט מיט די הענט.

די שיף האָט אַרויסגעלאָזט איר לעצטן קרעכץ. אָפּגע־כאַפּט דעם אָטעם און זיך אָפּגעשטעלט.

איבערן שמאָלן בריקל קומען אַראָפּ די ערשטע פּאַסאַ־זשירן און צווישן זיי באַווייזט זיך איינער אַ ליכטיקער, מיט אַ ווייסער באָרד. דער גאַנצער קאָפּ איז אַרומגענומען פון אַ לויטערער ווייסקייט. ער גייט מיט פּאַמעלאַכע טריט. אַלע קוקן אויף אים. ווייל ער, דער איינציקער, פאַרבלענדט אַלץ וואָס אַרום. מ׳קוקט אויף אים, ניט ווי אויף אַ מענטשן; נאָר ווי אויף אַ הייליקן וואָס איז געקומען אַהער צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע, נאָר ער אַליין איז אַנדערש. ער איז צוגע־שוואומען צום ברעג מיט אַ וויכטיקן שליכעס. און עס דאַכט זיך, אַז אַ דאַנק טאַקע אָט דער וואונדערלאַכער געשטאַלט, איז די שיף בעשאָלעם אַריבערגעשוואומען דעם ברייטן יאַם. ווען ניט ער, ווער ווייסט וואָס עס וואָלט געקאָנט פּאַסירן אונטערוועגס. ער איז געווען דער באַשירמער און באַשי־צער.

בעני האָט ניט געקאָנט איינשטיין אַף אַן אָרט. ער האָט געזען ווי מ׳רינגלט אַרום זיין זיידן. ער וויל צוגיין, קאָן ער ניט. ער זעט נאָר ווי אַלע ריידן גיך, הייס. דער זיידע זיינער שטייט אינמיטן אומבאַהאָלפן, רעדט עפּעס און וויינט.

אַלע שווייגן. אַלץ איז איבערגעריסן. דער פעטער טוט זיך אַ לאָז צו אַ טיר און קומט באַלד צוריק. ער איז צעשראָקן. בײַ אַלעמען זיינען פינצטערע פּנימער. דער פעטער מאָרים קאָן ניט ריידן. און דער זיידע וויינט, ווי אַ קליין קינד:

— אין וואַסער האָבן זיי זי אַריינגעוואָרפן. אין יאַם אַריין.

נישטאָ קיין לאָשן. נאָר איינער, אַ פרעמדער, קומט צו מיט אַ פּאַפּיר אין האַנט און פרעגט:

— ווער איז דאָ מיסטער לואי געפּנער? אָט איז אַ רעפּאָרט פון קאַפּיטאַן. זי איז געשטאָרבן פון האַרץ-שלאַג. ווייזט אויס דאָס פאָרן איז פאַר איר געווען צו-שווער. מ׳האָט געטאָן אַלץ וואָס מעגלאַך... אָבער... איר ווייסט דאָך... אַלט... — און ער איז אַוועק.

די קינדער זיינען געשטאַנען אַרום און ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר.

— טאַטע, — האָט בענים פאָטער אויסגערופן, — אָט זיינען דאָך דיינע אייניקלאַך.

דער אַלטיטשקער האָט אויפגעהויבן זיינע רויט-פאַרוויינטע אויגן. מיט אַ גערירטן בליק האָט ער באַטראַכט די געזונטע, אַמעריקאַנער קינדער. ער איז צוגעגאַנגען נעענטער.

מיט שטילן פּאַכעד האָבן זיי זיך געלאָזט אַרומנעמען. זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען, וואָס ער רעדט צו זיי.

בעני האָט ניט געוואַרט. ער איז צוגעגאַנגען, אַרומ־געכאַפּט דעם זיידן מיט ביידע הענט און האָט אים היים געקושט. אַ ווײַלע האָט ער באַטראַכט דאָס ווייסע, ווייכע פּאָנים. און ווידער האָט ער זיך אינגאַנצן פאַרגעסן. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן. פון דעם פרעמדנם פּאָנים האָט אַראָפּגעווייט אַ וואַרימער אָטעם. האָט ער זיך געטוליעט און געלאַשטשעט ווי צו אַ לאַנג־באַגערטער צערטלאַכקייט. ער איז מיטאַמאָל פאַרזונקען געוואָרן אין אַ גרויסן גליק. עס האָט זיך צו אים דערטראָגן נאָכן לאַנגן וואַרטן. האַלט ער עס אין זײַנע הענט. עס איז זײַנס. נאָר זײַנס. ער וועט עס ניט אָפּגעבן. קיינעם ניט.



# אַ שפּאַציר

### קאַפּיטל ניין

פּעטער מאָרים האָט אויך אַן אייגן הויז. און בײַ אים זײַנען אויך פֿאַראַן שיינע, געראַמע צימערן. אַף די ווענט הענגען גרויסע שפּיגלען. אַז מ'שטעלט זיך אַוועק פֿאַר אַזאַ שפּיגל, קאָן מען זיך זען פֿון קאָפּ ביז צו די פֿיס. אין פֿאָדערשטן צימער זײַנען פֿאַראַן ווייכע שטולן, מיט כינעזישע לאָמפּן אין דער זײַט. די דיוואַנען זײַנען ריין, יעדן טאָג קערט מען זיי אָפּ מיט אַן עלעקטרישן בעזים. אין עס-צימער שטייט אַ געגרייטער טיש, מיט זילבערנע לעפֿל און גאָפּל.

אין אַ ברוין־לאַקירטער שאַפע ליגט באַהאַלטן אַ ראַדיאָ, און אַז מ׳טוט אַ דריי צינדט זיך אָן אַ לעמפּל און מ׳קאָן הערן קאָנצערטן פון נאָענט און ווייט.

דער זיידע זיצט אויבן־אָן. ער איז אויסגעפּוצט אין נייע קליידער. דער שוואַרצער, שטרויענער קאַפּעליוש רוקט זיך אים אַלע מאָל אַראָפּ איבער די אויגן און ער פּרואווט מיט ביידע הענט אים צוהאַלטן. ער איז אַרומגעשווירן און פאַר־קעמט. זעט ער אויס אַסאַך יונגער ווי פריער. ער האַלט אין איין דערציילן. קעסיידער דאָס זעלבע:

— ס׳איז געווען זייער שלעכט, ווען דער סוינע איז אריין צו אונז... אַלטע לייט און קליינע קינדער האָט מען גענומען צו דער אַרבעט... ס׳איז געווען אַ סאַקאָנע אַרויסצוגיין אין גאַס... און קיין עסן איז אויך ניט געווען... און אַ מוירע איז געווען צו בלייבן בײַ אונז אין שטעטל. האָט מען גע־מוזט איבערלאָזן האָב־און־גוטס און אַף דער עלטער נעמען זיך אַוועקלאָזן אין דער פרעמד...

מען וויל שוין ניט הערן אָט די שווערע רייד. זיי דער־מאָנען אָן עפּעס וואָס שרעקט. זייער נאָכקלאַנג לייגט זיך שווער אַפן געמיט און ס׳צעשטערט דאָס אייגענע וואויל־זיין. נאָר בעני זיצט שטענדיק לעבן זיידן און הערט זיך איין. אָבער און ווידער ווערט ער געשפּאַנט. בילדער, קלאָ־רע און דייטלאַכע, שטייגן אַרויף אין דימיאָן. זיי שוועבן פאַר די אויגן. זיי ריידן צו אים איינדרינגלאַך און שטאַרק.

— טאַטע, — האַקט אינמיטן איבער די מומע דאָרע,

— קום בעסער אַריין עסן. די קינדער זיינען הונגעריק.

איינגאַנצן צוויי זיינען זיי היינט. עלסי און בעני. זיי זיצן בײַ אַ באַזונדערן טיש. בײַ בענין פּאַלט אַרויס דער גאָפּל פון האַנט. ער קאָן אים ניט האַלטן ווי ס׳באַדאַרף צו זיין. עלסי לאַכט.

אָפּגעגעסן, לאָזן זיך ביידע אין דרויסן אַרויס. זיי זיינען אָבער נאָך ניט אָפּגעגאַנגען קיין צען טריט, דערהערן זיי אַ קאָל:

— עלסי, וואוהין גייסטו? האָסט געפרעגט די מאַמע?

עלסי ווערט אומגעדולדיק:

— דזשי, — טוט זי אַ זאָג, — אַלע מאָל. איך וויל גיין שפּאַצירן, נאָר אַ קליינע ווײַלע.

בעני שטייט פאַרזאָרגט: טאָמער לאָזט מען זי ניט גיין!?

עלסי לויפט אַריין אין הויז, כאַפּט אַרום די מאַמע:

— מאַ, אביסל שפּאַצירן.

זי זאָגט עס מיט אַזאַ ווייכקייט. די מאַמע קאָן נישט אָפּזאָגן.

— גוט, גיי, אָבער גיב אַכטונג. דאָס גראָז איז נאָס. און זאָם זיך ניט!

עלסי איז איבערגליקלאַך: די מאַמע איז אַזאַ גוטע!

זי קושט זי היים. בענין ווערט פריילאַך אַפן הארצן.

אין דרויסן איז שיין. נאָכן רעגן איז דער הימל אויסגעלייטערט. ריין און קלאָר. זיי גייען מיט געלאַסענע טריט.

— עס שמעקט אַזוי גוט, — זאָגט בעני. — אַלץ איז אַזוי־

ווי אָפּגעוואַשן. די ערד, דער הימל. און . . . איאָ ס׳איז שיין?

— יאָ, — ענטפערט עלסי, — ס׳איז זייער שיין. — טאַקע ווי געוואַשן. די לופט און די הייזער.

פּוסי, עלסי׳ס הינטל, לויפט נאָך פון הינטן. פּוסי איז אויך באַרוישט פון די פריש־אויפגעגאַנגענע רייכעס. דאָס הינטל איז קליין און שוואַרץ. עס האָט ווייסע פלעקן אפן קאָפּ.

— פּוסי, קום אהער!

פּוסי ניסט.ביידע קינדער לאַכן. ס׳איז אזוי קאָמיש. עס גראָבט מיטן קליינעם מאָרדעלע אין דער ערד.

זיי גייען און שווייגן. זיי זיינען שוין ווייט פון פּעטער מאָריסעס הויז. ווייניק הייזער אַרום. אַ ווייט, שטיק לאַנקע שפּרייט זיך אויס פאַר זייערע אויגן. אַ כאַיעלע שטעלט זיך אוועק בא דער זייט פון וועג און קוקט צעשראָקן־פאַרוואונדערט.

— בעני, קוק! — אַזאַ קליין ווערוריקל! ס׳קוקט אונז נאָך. דו זעסט.

— דו ווילסט עס האָבן?

זי שאָקלט מיטן קאָפּ. בעני יאָגט זיך נאָכן כאַיעלע. ער וויל עס כאַפּן. אָבער דאָס ווערוריקל איז פלינקער. ס׳לויפט שנעל אוועק. עס פאַרקריכט הינטער הויכע גראָז און מ׳קאָן עס מער ניט זען.

עלסי לאַכט. דאָס פרישע גרינס אַרום און אַרום גלאַנצט

קעגן דער זון. דער זומער־טאָג שיינט, די ערד איז מיט צי־טערדיקע פלעקן באַדעקט.

מיט אַמאָל בלייבן ביידע שטיין. זיי קוקן זיך אָן. ווילן עפּעס זאָגן און ווייסן ניט וואָס. עלסיס אויגן גלאַנצן. זי פֿאַרשאַרט מיט די הענט די האָר הינטער די אויערן. איר פּנים ווערט ליכטיקער און גרעסער.

— זע נאָר, — שפּאַט בעני, — דו האָסט אויך אויערן? און איך האָב געמיינט. אַז בא דיר זיינען גאָר קיין אויערן ניטאָ.

עלסי ווערט ברויגעז. זי כאַפּט אים אָן בא די האָר.

— האַ, ס'טוט וויי?

— ניין, ווי קאָן אַ מיידל וויי טאָן אַ אינגל?

אַ ווײַלע שפּעטער:

— בעני, איך זע אין דיינע אויגן מענטשעלאַך.

— און איך אין דיינע, אויך.

עלסי שפּרינגט און זינגט. מיט אויסגעשפּרייטע הענט לויפט זי אַרום. אַ פויגל איז באַפרייט געוואָרן פון אַ גע־פענגניש, ווייסט ער ניט וואָס צו טאָן פאַר פרייד.

זיי זעצן זיך אַף אַ גרויסן שטאָם פון אַן אויסגעהאַקטן בוים. זייערע בליקן לויפן ווייט, ווייט. קליינע בערגלאַך הויבן זיך אַרויף און אַראָפּ. אָט דאָרטן, ווייט, ווייט, שטייט אַ גרויסע הויז. מיט יעדן טראָט ווערט דאָס הויז גרעסער. ס'וואַקסט פאַר די אויגן.

— זעסט דאָס הויז? — פרעגט בעני.

— יאָ, — עלסי זעט. וואָס איז דען?

ניטאָ קיין ענטפער. אַ שטילער טרויער האָט זיי אַרומ־גענומען און איינגעהילט זיי ווי מיט שלייערס. קוקן זיי צום פייער־צעגליטן האָריזאָנט. אַזוי גרויס איז די וועלט און אַזוי ווייט. ווער קאָן דאָס אַלץ פאַרשטיין?

אַן אומעט האָט זיך אַוועקגעזעצט צווישןביידן. איז דאָס ריידן אָפּגעהאַקט. שטיל.

— ווען מיר וועלן זיין גרויס, זאָגט בעני, און איך וועל האָבן אַסאַך געלט, וועל איך קויפן אַ גרויסע הויז, ערגעץ אַף אַ באַרג, און מיר ביידע וועלן דאָרט וואוינען. מער קיינער ניט, נאָר איך און דו.

זיינע אויגן זיינען פאַרשוואומען.

— מיר???

— יאָ, מיר ביידע. דו און איך.

— אָבער, ווי אַזוי וועסטו באַקומען געלט? דיין טאַטע איז דאָך אָרים. מיין טאַטע זאָגט, אַז דיין טאַטע וועט זיך קיינמאָל ניט אַרויפאַרבעטן. ער טויג צו גאָר ניט. ער וויל ניט אַרבעטן.

— ווער? מיין טאַטע וויל ניט אַרבעטן? מיין טאַטע? — אַ ליגן! מיין טאַטע שטייט אַלע מאָל אויף אינמיטן נאַכט. ער פאָרט צום וואַסער קויפן הינער, ווען דיין טאַטע שלאָפט נאָך.

— יאָ, אָבער, ווי אַזוי וועסטו ווערן רייך?

— וואָס הייסט, ווי אַזוי? איך וועל וועלן, וועל איך ווערן. אַוואַדע וועל איך זיין רייך. וואָס דען, אָרים וועל איך זיין? אַלע רייכע מענטשן זיינען אַמאָל געווען אָרים. דערנאָך ערשט

זיינען זיי געוואָרן רייך. דו ווייסט דאָס ניט? איך האָב געלייענט וועגן פאָרדן און נאָך און נאָך. איך וועל זיין אזוי רייך ווי... ווי... דער פעטער לואי פון לאָנג-איילאנד. דו וועסט זען! מיר וועלן וואוינען זייער ווייט, אזוי, אז קיינער זאָל ניט קענען צוקומען צו אונז. מיר וועלן האָבן א גרויסע מאַשין... וועלן מיר פאָרן וואוהין מיר וועלן נאָר וועלן. וואָס פאַר אַ מאַשין געפעלט דיר צום בעסטן?

— אַ פעקארד.

— אַ קרייסלער איז בעסער.

— זאָל זיין.

— און וויפיל זיצפלעצער זאָל ער האָבן?

— זיבן!

— ניין, איך וויל נאָר פאר צוויי.

— אָלרייט.

— יאָ, טאַקע, נאָר צוויי. אוי, וועט דאָס זיין גוט!

די זון דערנעענטערט זיך צום האָריזאָנט. דער גאנצער ארום גליט אין די לעצטע פארבן פון אָוונט-שיין.

בעני קלערט און קלערט: ווען עמיצער וואָלט איצטער וועלן עלסין עפּעס שלעכטס טאָן, וואָס וואָלט ער געטאָן? אָהאָ, ער וואָלט שוין געוואוסט וואָס צו טאָן. ער וואָלט זיך געשלאָגן קעגן צען, ער איינער אליין. ער וואָלט שוין געוויזן וואָס ער קען. דעמאָלט ערשט וואָלט עלסי געוואוסט, צו וואָס ער איז גרייט.

עס דאַכט זיך אים: ער האָט געפונען א טייערן אויצער, מוז ער אים אָפּהיטן. ער טאָר אים ניט פארלירן. ער ציטערט.

— ס׳איז דיר קאַלט?

— ניין, דיינע האָר האָבן מיר אַ קיצל געטאָן אין פּאָנים.

זי לאַכט. זי פּרואווט עס טאָן נאָך אַמאָל. איצטער ציטערט ער שוין ניט. אַ וואונדערלאַכע מידקייט איז זייביידן באַפאַלן. אַף אַ הויכן וואָלקן זיינען זיי, און ביידע פליען זיי איבער דער וועלט. אַ שטילקייט איז אין זיי אויפגעגאַנגען. איין ריר, און אַלץ איז צעשטערט.

בעני ווייסט, אַז באַלד וועט זיך אַלץ אויסלאָזן מיט גאָר ניט. עלסי וועט אַוועקפאָרן צו זיך אַהיים, און ער וועט זיך אומקערן צוריק אין פּיט סטריט. אין־דער־היים וועט די מאַמע ווידער שרייען. ער וועט דאַרפן פּאָלגן וואָס מ׳הייסט אים, אַז ניט, וועט מען אים ניט געבן קיין פּעני. ער וועט דאַרפן שטיין אין קעמערל און פליקן פעדערן. עלסין וועט ער שוין ניט זען, ווער ווייסט ווי לאַנג. איז ער צערודערט. ער שטייט און קוקט אַף איר און קען ניט אַראָפּנעמען די אויגן. ווי זי רעדט! און איר קאָל איז אַזוי ווייך. ווען זי זאָגט עפּעס, מוז מען הערן. אויגן האָט זי אַזעלכע גרויסע און אָפענע. ער קען ניט אַריבערטראָגן איר דרייסטן בליק. ווען זי פאַרשאַרט אירע האָר, ווערט דאָס פּאָנים גרעסער און ליכטיקער. און ווי זי לאַכט!... ווי אַזוי קאָן מען דאָס אָנרופן?

ער באַטראַכט זי, אַזוי ווי ער וואָלט זי צום ערשטן מאָל געזען.

ס׳ווערט פינצטער. עלסי טוט זיך אַ כאַפּ:

— אוי, אַזוי שפּעט, די מאַמע וועט שרייען. לאָמיר גיין.

זיי גייען. אַ גרויסער בוים ליגט אין וועג. אַ שפּרונג און ער איז אַף דער אַנדערער זייט. יאָ, אָבער עלסי? ווי אַזוי וועט זי אַריבערגיין?

טוט ער זי אַ כאַפּ, הייבט זי אויף מיט ביידע הענט און טראָגט זי אַריבער.

עלסי קוויטשעט. זי וואָרפט מיט הענט און פיס. זי איז צעשראָקן און בייז. נעמט זי לויפן פאָראויס. בעני וואָלט וועלן דער וועג זאָל זיך ציען און ציען. זיי זאָלן פאַרבלאָנדזשען און ניט קענען טרעפן אַהיים.

דאָס ערשטע מאָל אין לעבן, אַז אים קומט אויס זיך צו געזעגענען מיט עמיצן. ס'טוט אים זייער באַנג. אָבער דערווייל איז דאָך נאָך עלסי דאָ. איז אים גוט. דער טראָט איז לייכט. אַפן האַרצן איז גרינג. ער רעדט און פאַנטאַזירט.

— דו וועסט זען, עלסי. איך וועל אַוועקפאָרן ערגעץ זייער ווייט. פון דאָרטן וועל איך צוריקקומען מיט אַ סאַך געלט. איך וועל האָבן אַלץ, וואָס איך וועל נאָר וועלן. דו וועסט זען. איך וועל קויפן אַן עראָפּלאַן און וועל פליען קיין אייראָפּע. וועסטו פליען מיט מיר?

— יאָ, פאַרוואָס ניט? איך וועל אָבער דאַרפן פרעגן די מאַמע.

— די מאַמע ... אַלץ נאָר פרעגן די מאַמע! דו ביסט ווי אַ פּיצעלע קינד. איך וועל ניט פרעגן קיינעם. איך וועל זיך אויפזעצן אַזוי, אַז קיינער זאָל אַפילו ניט וויסן.

— מיין מאַמע איז אַ גוטע. זי קויפט מיר אַלץ וואָס איך דאַרף. נו, זאָל איך זי ניט פרעגן?

יאָ, אָבער... איך דאַרף קיינעם ניט פרעגן.

— פאַרוואָס? דיין טאַטע־מאַמע קויפן דיר גאָרניט?

— זיי האָבן ניט קיין געלט.

ביידע קינדער שווייגן.

— איך האָב אַן אַלבאָם, — זאָגט פּלוצלונג עלסי, — וועל איך אַהין אריינלייגן אַלע בלומען וואָס דו האָסט היינט צונויפגעקליבן.

— יאָ, — ענטפערט בעני, — און ווען איך וועל קומען צו אייך, וועל איך עפּעס אריינשרייבן.

— אַ פּאָעמע?

— איך ווייס ניט. וואָס איך וועל קענען, וועל איך שרייבן.

— פאַר צוויי־וואָכן, ווען ס'איז געווען מיין געבורטס־טאָג, האָט הערי אריינגעשריבן אַ פּאָעמע, אַזאַ שיינע! אַלע מאָל לייען איך זי. וואַרט, איך געדענק אביסל אַף אויסנווייניק. אָט אַזוי:

> די וועלט איז גרויס, די וועלט איז ווייט.
> און איך בין איינער אַליין.
> אַ טונקלער וועג, אַ ווייטער וועג,
> פירט אונז אין הימל אַריין.

אָן אַ שיר ווערטער ציטערן באַ אים אין האַרצן. ער וויל עפּעס זאָגן און קען ניט. אַ וואָלקן האָט זיך אויסגעשפּרייט. מיטאַמאָל איז געוואָרן פינצטער פאַר די אויגן.

ער פרעגט:

— דער הערי, וואָס האָט דעמאָלט באַקומען אַזוי פיל מאַטאַנעס?

— יאָ, דו ביסט דעמאָלט געווען?

— דו געדענקסט ניט? דו האָסט דעמאָלט געשפּילט אַף דער פּיאַנאָ. דו האָסט זייער שיין געשפּילט. איך געדענק אפילע, ווי אַזוי דו האָסט אויסגעזען.

— ווי אַזוי?

— אַ בלויע קלייד. אין די האָר א באַנד פאַרפלאָכטן. אויך אַ בלויע. איך האָב דיר דעמאָלט געוואָלט עפּעס זאָגן, ביסטו אַוועקגעגאַנגען.

— וואָס האָסטו געוואָלט זאָגן?

— דו זאָלסט שפּילן נאָך.

איצטער ריידן זיי שוין גאָרנישט. זי דרייט נאָר אויס איר פּאָנים; און פון אירע אויגן שטראָמט אַרויס אַזאַ גוטסקייט, וואָס ער האָט נאָך ביי קיינעם ניט געזען.

אַ זיסע פרייד האָט פאַרשלאָסן די מיילער. מ'קאָן גאָר ניט זאָגן.

פון ווייטן זעט מען שוין דאָס באַלויכטענע פענצטער פון פעטערס הויז. אַף די טרעפּ שטייט די מאַמע און רופט צע־שראָקן:

— ע ל ס י! עלסי!

— איך גיי מאַמע, אָט בין איך.

— וואו ביסטו געווען אַזוי שפּעט? דער טאַטע איז בייז.

— מאַ, מיר האָבן אָנגעקליבן אַסאַך בלומען.

בעני שטייט אין אַ זייט.

אינעווייניק נעמט מען זיי אויף:

— אַ, געפונען זיך דער שאָדן?

עלסים פאָטער איז ברויגעז:

— כ׳האָב געזאָגט מ׳זאָל ניט לאָזן גיין ביינאכט. פאָלגט מען מיך ניט. מ׳וויל דאָך שטענדיק זיין די גוטע.

ער קייט דעם גראָבן ציגאַר און וואַרפט אים פון איין עק מויל אין אַנדערן.

עלסי ווייסט, אַז ווען דער טאַטע איז בייז, טאָר מען ניט צוגיין צו אים. אָבער היינט טוט זי עס.

— פּאַ, — זאָגט זי מיט פרייד, — ס׳איז געווען אַזאַ שיינער שפּאַציר! בעני האָט געוואָלט כאַפּן אַ וועוועריקל, איז׳ם אַוועקגעלאָפן. און ער זאָגט, אַז ווען ער וועט ווערן גרויס, וועט ער קויפן אַ הויז און מיר בײדע וועלן דאָרט וואוינען. וועסטו לאָזן?

אַלע לאַכן.

— יאָ, יאָ, און אַ מאַשין וועט ער אויך קויפן. ער זאָגט, אַז ער וועט פליען איבערן יאַם קיין איראָפּע.

— קיין איראָפּע פליען???

די מומעס דערשרעקן זיך:

— וואָס פאַר אַ פליען?! וואָס קינדער קען איינפאַלן! גייט בעסער עסן.

עלסים טאַטע איז נאָך אַלץ בייז. ער וויל שוין פאָרן. ס׳איז זונטיק. דער וועג איז היינט אַ שווערער. און ביז ער וועט קומען אהיים...

מ׳פאַרענדיקט דעם שמועס:

— נו, טאַטע, אַ גוטע נאַכט. גיב אַכטונג זאָלסט זיך ניט פאַרקילן.

עלסי זיצט ביים פענצטער. דאָס פּאָנים אויסגעדרייט אזוי, אז מ׳קאָן עס ניט זען.

בעני שטייט אין אַ זייט. וואָס זאָל ער איצט טאָן? גיכער ווי אַלץ, וואָלט ער וועלן וויינען.

— גוד-באַי! א גוטע נאַכט! סאָ-לאָנג!

צוויי רויטע פּייערן בליצן אויף. ארום ווערט ליכטיק. די מאַשין טראָגט זיך אָפּ פון דאַנען.

אַלע זיינען שוין צוריק אין הויז. בעני שטייט אין דרויסן.

דערנאָך זעצט ער זיך אוועק אַף דער ערד. איבער אים ציטערן שטערן. אין אים — דאָס האַרץ. ער שטאַרט מיט פינצטערע בליקן אין דער נאַכט אריין. די אויגן זיינען אויפגעריסן - גרוים. און ער פילט ניט ווי עס רינען פון זיי גרויסע טערן.



# אַנדערש

## קאַפּיטל צען

און עס איז געוואָרן אַנדערש.

סעם איז אַהיים געקומען פון שפּיטאָל. ער גייט אָנגע־שפּאַרט אַף צוויי קוליעס. ער איז בלאַס און אָפּגעצערט. ער רעדט אַזוי שטיל און צוגעלאָזן. באַלד איז ער געקומען און געזאָגט:

— נאַ דיר אָפּ דיין זאַך און לאָמיר זיין כאַווער.

האָט ער שוין צוריק זיין מאַזעלדיקע זאַך. וועט ער זי אויפהענגען איבער דער טיר פון דער נייער וואוינונג. פיר

צימערן זיינען פאַראַן. די ווענט זיינען גרין געפאַרבט. די פענצטער זיינען אביסל אפּגערוקט פון דער בריק; טרייס־לען זיך ניט די שויבן.

דער טאַטע מיט דער מאַמען ריידן אַנדערש ווי טאָמיד:

— זעסט, פּערל, א טשעק אַף הונדערט מיט צוואַנציק דאָלער. פאר פיר וואָכן אין פאַרויס באַצאָלט. וואָס זאָגסטו?

וואָס זאָל זי זאָגן וואָס? אוואַדע וועט זיין גרינגער צו צאָלן דירע־געלט און דער קאָפּ וועט ניט אַזוי אויסדאַרן.

— איך מיין, ס'איז דאָך זייער גוט... נו, ווער־זשע איז געווען גערעכט? איך, צי דו?

— איך ווייס??? זאָל זיין, דו.

ער הערט פון א זייט, ווי זיי ריידן און ער קאָן זיך ניט גלויבן. זיין טאַטע־מאַמע ריידן אַזוי??

— וועסט זיך קויפן א מאַנטל און א פּאָר שיך. האָסט דאָך ניט וואָס אָנצוטאָן...

— און דו, מיינסטו, דאַרפסט גאָרניט? און די קינדער זאָלן לעבן???

די גאַנצע לופט אין הויז איז לייכטער. ווערט ביי בעניו דאָס האַרץ ברייטער ווי לענגער. מיטאַמאָל האָט זיך אַלץ געביטן. און דער זיידע קומט אויך אַהער. אַף שטענדיק קומט ער.

דעם גאַנצן טאָג גייט בעני ניט אַוועק פון הויז. די צייט ציט זיך אַזוי לאַנג. א שאָ און צוויי און מער.

מיטאַמאָל: א גרויסער אָטאָמאָביל דרייט זיך אַריין אין

פּיט סטריט. ער שטעלט זיך אָפּ לעבן טאַטנס קראָם. אַף די טירן שטייען קרעמער און קוינים. זיי וואונדערן זיך:

— אַ מאַשין, אַביסל! אַ סעדאַן, פאַר זיבן מענטשן!

דורכן פענצטער זעט ער, ווי עס שטייגן ארויס דער פעטער מאָריס, נאָך אים עלסי, און הינטער זיי דער זיידע.

אַף גיך טוט ער אַ כאַפּ דעם בעזים. ער קערט אַף לינקס און אַף רעכטס. דערנאָך ווישט ער אָפּ דעם טיש, וואָס איז פול מיט קרישקעס ברויט. ער מאכט צורעכט די שטולן און שטעלט זיי אַף אַן אָרט. אין איין רעגע איז אָפּגערוימט אין שטוב. אַף שנעל וואַשט ער זיך דאָס פּאָנים, פארקעמט זיך די האָר. ער קוקט אין שפּיגל און איז צופרידן. מיט פאַר־כאַפּטן אָטעם שטייט ער ביי דער טיר. ער הערט זיך צו צו די טריט וואָס קומען פון אונטן. דאָס הארץ קלאַפּט. ער קלערט וועגן אַ וואָרט. ווען זיי וועלן אַריבערשפּאַנען די שוועל פון טיר, זאָל ער וויסן וואָס צו זאָגן.

דער פּאָטער קומט אַריין דער ערשטער:

—אָט דאָס זיינען די צימערן. און דאָס וועט זיין פאַר דיר, טאַטע. אַליין פאַר זיך. קיינער וועט דיר ניט שטערן.

דער פעטער מאָרים זאָגט אים עפּעס אַפן אויער. עלסי פאַרציט מיטן נעזל:

— פּאַ, פאַרוואָס איז ניטאָ דאָ קיין עלעווייטאָר? און פאַרוואָס איז דאָ אַזוי פינצטער ווען מ׳גייט ארויף?

דער זיידע שטייט ווי פאַרלוירן. ער קוקט אַף דעם קליינעם צימערל, וואָס איז אָפּגעשיידט פון אַלע. ער באַ־טראַכט דאָס ביסל מעבל און ציט מיט די פּלייצעס:

— מ׳זאָל מיך פרעגן, וואָלט איך געזאָגט: נאָך וואָס דאַרף מען וואוינען יעדער באַזונדער? און אַזוי ווייט איינער פון אַנדערן? וואָלט דען ניט בעסער געווען, ווען מ׳וואָלט נע־מען איין גרויסע הויז. און אַלע זאָלן וואוינען צוזאַמען? די גאַנצע מישפּאָכע. און זאָל די וועלט וויסן: דאָ וואוינען די געפּנערס. ווי שיין דאָס וואָלט געווען!

דער פעטער מאָרים שמייכלט אונטער:

— טאַטע, אין אמעריקע וואוינט מען ניט צוזאַמען. אין אמעריקע האָט מען ליב באַזונדער. יעדער באַזונדער. ס׳איז ניט ווי אין „יוראָפּ".

— וואו איז די ראַדיאָ, — פרעגט עלסי. — און אַ טע־לעפאָן איז אויך ניטאָ?

בעני שטייט הינטער איר:

— יאָ, עס וועט זיין אַ ראַדיאָ. און אַ טעלעפאָן אויך. און אַ פּיאַנאָ אויך. און אַלצדינג וועט זיין.

ער רעדט און וויל, אַז עלסי זאָל הערן. אָבער עלסי איז שוין אין אַן אַנדער ווינקל. זי קוקט אַף אַלץ מיט גרויסע אויגן. די הייזער אַנטקעגן. די גרויסע בויגנס פון דער בריק. דאָס אַלץ איז פאַר איר אַזוי ניי.

אין איין מינוט וואַקסט בעני ווידער אויס לעבן איר:

— דאָס איז די וויליאַמסבורגער בריק. דאָ שפּיל איך זיך מיט מיינע כאַווערים. דאָרט שטייט אַ וועכטער, הייסט ער דזשים. ער איז אַזאַ גוטינקער. אַלע מאָל דערציילט ער אונז מייסעס. ער איז אַמאָל געווען אַ מאַטראָז. אין דער גאַנצער וועלט איז ער שוין אויסגעוועזן. און, זעסט יענעם

דאָך? דאָרטן האָבן מיר פריער געוואוינט, איידער דער זיידע איז געקומען. דאָרטן האָב איך געהאַט טויבן. איינמאָל איז ביי מיר איין טייבעלע, געשטאָרבן. ס׳איז געווען אַזאַ שיין, קליין טייבעלע.

— האָסט עס נאָך? ווייז עס מיר!

— ניין. זינט דעמאָלט, האַלט איך ניט מער קיין טויבן.

— און דאָרטן אויבן, ביסטו שוין אויך געווען?

— וואָס דען ניט? אַז ס׳קומט ווינטער, גליטשן מיר זיך פון אויבן ביז אַראָפּ. איך, און סעם, ווינטעלאַ און דזשיי־קי, און בוירני און דזשענעט.

— אַ מיידל גליטשט זיך מיט אינגלאַך?

— דזשענעט קאָן זיך גליטשן בעסער, ווי אַ אינגל. זי האָט ניט קיין מוירע. זי טוט זיך אַ לאָז אַראָפּ! זי איז שוין איינמאָל אַ...

— ווי אַזוי זעט זי אויס? זי איז גרעסער פון מיר?

— אַסאַך גרעסער.

עלסי שווייגט אַ רעגע. בעני זעט ווי זי פאַרקנייטשט אַ ליפּעלע. זי איז ניט צופרידן. פּלוצלונג טוט זי אַ זאָג:

— אָבער פּיאַנאָ שפּילן קאָן זי ניט. און זי וואוינט דאַנ־טאַן. זי האָט ניט אַזעלכע שיינע זאַכן ווי איך, אַ ניין?

— יאָ, יאָ. זי האָט זייער שיינע זאַכן. סעמי דער־ציילט, ער איז איינמאָל געווען ביי זיי אין הויז. האָט ער געזען, אַז זיי זיינען זייער רייך. איר טאַטע האָט אַסאַך הייזער.

— ניין, ניין. איך האָב שענערע זאכן. איאָ איך האָב שענערע?

בעני שטייט אַ ווײַלע פּאַרטראַכט און גיט דערנאָך צו:

— אַוואַדע, דו. קיינער האָט ניט אַזוינע שיינע זאַכן ווי דו. איך האָב דערציילט דזשענעטן, אַז דו וואוינסט אין ברוקלין און, אַז בײַ אייך זיינען דאָ אַסאַך צימערן. האָט זי געזאָגט, אַז זי האָט דיך פּיינט. זי איז געווען אַזוי בייז!

עלסי נעמט אים אָן בײַ דער האַנט:

— דו געדענקסט, ווי דו האָסט געוואָלט כאַפּן דאָס וועווריקל און ס׳איז אַנטלאָפן?

— יאָ. און דו האָסט געזאָגט, אַז דו האָסט אַן אַלבום. אַז איך וועל אַמאָל קומען, וועל איך עפּעס אַריינשרייבן. געדענקסט?

— הערי האָט שוין נאָך אַמאָל אַריינגעשריבן. ער קען אַזוי שיין שרייבן.

— איך קאָן אויך.

— אָבער הערי קאָן בעסער.

— איך קאָן בעסער. איך האָב געשריבן אין אַ ביכל; עפּעס וועגן דיר. אָבער איך וועל עס דיר ניט ווייזן.

— אוי, איך וויל עס לייענען. ווייז מיר!

— וועסטו קיינעם ניט זאָגן?

— קיינעם ניט.

בעני לויפט אַוועק אַף אַ מינוט. ער קומט באַלד צוריק מיט אַן אָנגעשריבן העפט. ער לייענט שטיל, אַז קיינער, אַ חוץ זיי ביידן, זאָל ניט הערן:

— איך האָב אַ געשוועסטער־קינד, הייסט זי עלסי, האָט זי לאַנגע, ווייסע פינגער. עלסי שפּילט אַף אַ פּיאַנאָ. אַז איך הער זי שפּילן, טוט מיר וויי דער קאָפּ, אַ גאַנצן טאָג... עלסי וואוינט ווייט פון אונז. עלסי וויל ניט וואוינען אין דאַנטאַן. אָבער, ווען איך וועל ווערן גרויס... וועט זי וועלן... איך וועל קויפן אַ הויז... איך וועל קויפן אַ מאַשין... איך וועל קויפן אַן עראָפּלאַן... איך וועל קויפן.. אַלץ וועל איך קויפן... וועלן מיר ביידע פליען אַזוי ווייט... ביז ס'וועט שוין זיין אוים וועלט... אַז מיר וועלן קומען צום ענד פון דער וועלט, וועלן מיר שרייבן אַ בריוו... עס וועט זיין גוט... עלסי! עלסי! וואָס זאָגסטו?

ביידע שווייגן אַ ווײַלע. בעני איז בלאַס און פאַר־שעמט. עלסי האַלט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ.

— עלסי, ביסט ברויגעס?

— ניין. ס'איז אַזוי שיין געשריבן. ווען האָסטו דאָס אויפגעשריבן?

— דעם אַנדערן טאָג, ווען מיר זיינען געגאַנגען שפּאַ־צירן, געדענקסט דעמאָלט?

— יאָ, איך געדענק.

— און דו געדענקסט, ווען דיין טאַטע איז געווען בייז?

— יאָ, איך געדענק.

— און ווען דו ביסט אַוועקגעפאָרן האָב איך...

— וואָס האָסטו?

— איך האָב געוויינט.

— פאַרוואָס גאָר געוויינט?

— ווייל... איך ווייס ניט. איך האָב געמיינט, איך וועל דיך שוין קיינמאָל ניט זען.

— און וואָס האָסטו געטאָן?

— איך האָב געמאַכט מיין היים־ארבעט.

— ע ל ס י, וואו ביסטו? קום, מיר דארפן פאָרן. ס'איז שפעט.

ווידער אמאָל האָט דער פעטער איבערגעריסן אלץ. מיט איין רוף האָט ער אוועקגענומען עלסין און אפן אָרט איז גע־בליבן ליידיק.

— גוד־ביי, בעני. גוד־ביי, אָנקל מעקס! גוד—ביי ז י י ד ע!

אלע גייען אראָפּ. עס בלייבן נאָר בעני מיטן זיידן.

אלץ איז פארגעסן. דער זיידע איז דאָ. מער וועט מען אים ניט אוועקנעמען פון דאַנען. ער וועט ניט לאָזן. דעם זיידענס קאָל איז אָפּגעשוואַכט:

— בעניעלע! ס'איז ניט גוט. אַף אלץ זאָגט מען דיר: ס'איז אַמעריקע! יאָ. ס'איז טאַקע אַמעריקע. מ'לויפט און מ'יאָגט און מ'שרייט: ס'איז אַמעריקע!

— זיידע, וועסט שוין בלייבן דאָ, איאָ? איך וויל זאָלסט זיין בא אונז.

ער נעמט ארום דעם זיידן מיט ביידע הענט. ער האלט אים פעסט. ער וויל אים ניט נאָכלאָזן. אָט אזוי וועט ער אים האלטן און ניט לאָזן אוועקגיין. ער וועט זיצן לעבן אים און פרעגן, פרעגן.

— זיידע איז „יוראָפּ“ ווייט פון דאַנען?

— זייער ווייט.

— זיינען אויך דאָרטן דאָ אַזוינע הייזער ווי דאָ, און אַזעלכע אַטאָמאָבילן?

— פאַראַן מיין קינד. אומעטום, איין וועלט. ווער עס האָט די מיע, דער האָט די דייע. דעם רייכן איז גוט אומעטום. דער אָרימאַן ווערט פאַרשוואַרצט אומעטום. איין וועלט... ווי דו הערסט מיין קינד.

ער פרעגט און פרעגט און ווערט ניט מיד. און די טעג זיינען פול מיט לויטערקייט. אין האַרץ איז אויפגעגאַנגען אַ גרויס גליק. עס פונקלט אין אים מיט טויזנט גלאַנצן.

דער זיידע! עלסי! דאָס מאַזל! אַלץ מיט איינמאָל!

ווי אַ לויכטנדיקער ראַקעט אינמיטן נאַכט, איז דאָס אַלץ אויפגעשפרונגען. אַף אַלע זייטן זיינען געפאַלן די פאַרשידן-קאָלירטע פונקען. אין אים טראָגן זיי זיך אַרום און בלענדן. עס איז אַריין אין זיין בלוט. און פון דאָרטן שרייט עס אַרויס.

שאָען גאַנצע זיצן זיי ביידע. בעני מיטן זיידן. פון טאָג צו טאָג וואַקסט די צוגעבונדנקייט. מ'קאָן ניט אויסקומען איינער אָן דעם צווייטן.

דער זיידע האָט אַזעלכע מאָדנע ווערטער. ער זאָגט זיי אַרויס ווי אַ וואָרנונג און געבעט:

— מיין קינד! מאַזל איז באַ גאָט. זיי אַן ערלאַך קינד. פאַרכט זיך פאַר דעם וואָס-אייביק-לעבט. ווייל ער האָט באַשאַפן דעם מענטשן נאָר אויף צו טאָן גוטס. דאַנק

און לויב דעם באַשעפער וואָס טוט גנאָד און לייטזעליגקייט צו אונז אַלעמען. דאָס מאַזל איז באַ אים. נאָר באַ אים.

בעני הערט זיך איין. ער שטעלט זיך פֿאָר אַ פּיי־עריקן ריז, געהילט אין פלאַמען. אַ ריז וואָס איז אויסגע־שפרייט איבער דער גאַנצער וועלט.

אַפן צווייטן טאָג גייען זיי ביידע ווי אָפּגעפרעמדטע פון גאַנצן אַרום.

— אָט דאָס, — דערקלערט בעני, — איז אַ סאַבוויי. אַזאַ באַן, וואָס לויפט אונטער דער ערד. דאָס איז אַן על־עוויטער, און דאָס איז די בריק. זעסט ווי גרויס? לאָמיר אַרויפגיין.

זיי גייען. אויבן רופט עמיצער:

— בעני! העלאָ, בעני!

ער קוקט זיך אַרום. ס׳איז דזשים!

— העלאָ, דזשים! דאָס איז מיין זיידע. געקומען פון אייראָפּע. דאָס איז דזשים, דער וואָס היט די בריק.

— געהיט די בריק, — פאַרבעסערט דזשים. — געהיט. היינט שוין ניט מער.

— ? ? ?

בעני דערזעט, אַז דזשים איז אינגאַנצן פאַרענדערט. ער טראָגט נאָך דאָס אַלטע מאַטראָזן־היטל. אָבער די אויגן זיי־נען אינגאַנצן אויסגעלאָשן. אין דער האַנט האַלט ער עטלאַכע בליי־פעדער.

זיי זעצן זיך אַף אַ באַנק. בעני איז דער פאַרטייטשער.

יעדעס מאָל וואָס דזשים רעדט אַרויס אַ וואָרט, גיט בעני צו פאַרשטיין, און דער זיידע שאָקלט מיטן קאָפּ.

דזשים קרעכצט:

— אַט אַזוי, אַזוי. אַף דער עלטער, די האַנט אויפשטעלן. זעקס-און-דרייסיק יאָר אָפּגעאַרבעט. זעקס-און-דרייסיק יאָר. און אַז ביסט געוואָרן אַלט, קאָנסט שוין ניט אַרבעטן מער, זאָגט מען דיר: גיי! אָט אַזוי, אַזוי. דזשים מוז איצט בעטן אַ שטיקל ברויט.

די ווערטער זיינען שווער. זיי קריצן זיך איין אין מויאַך.

דזשים רעדט ווייטער:

— אַזוי איז מיט אַלע. אָפּגעאַרבעט דאָס ביסל יאָרן. דאַרף מען דיך ניט מער. איר זעט די אַלע מענטשן, וואָס לויפן דאָ אונטן, פון דער אַרבעט? מיט זיי וועט אויך אַזוי זיין. מיט יעדן איינעם פון אונז, וואָס אַרבעט אַף זיין שטיקל ברויט, וועט זיין אַזוי. מיט מיין טאַטן איז אויך אזוי געווען. און מיט דיינעם וועט אויך אַזוי זיין.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט און מיט דער האַנט אָנגעוויזן:

— אָט דאָס אַלץ, וואָס אונזערע אויגן זעען, האָבן געבויט און געשאַפן מיר אַלע. אונזערע ברידער. שיפן אַפן יאַם. איז ווער הייצט די אויוועגס דאָרטן, אונטן אין די טיפסטע אָפּגרונטן? מיר אַלע. הייזער, הויכע. ווער האָט זיי געמויערט און דאָס לעבן אַוועקגעלייגט? אונזערע ברידער. באַנען לויפן. מאַשינען דרייען זיך. ווער טוט דאָס אַלץ, אויב נישט אונזערע הענט און אונזער שוויים?

מיר מאָלן מעל און קיין ברויט עסן מיר ניט צו זאַט. מיר נייען קליידער און אליין גייען מיר נאַקעט און באָרוועס. מיר טראָגן די וועלט אַף אונזערע פּלייצעס. און דער סאָף איז, מ׳דאַרף אויסשטרעקן די האַנט נאָך אַ שטיקל ברויט. ווי די הינט טרייבט מען אונז אַוועק אין פינצטערע היילן. דאָרטן, פאַרענדיקן מיר די טעג פון אונזער לעבן.

ער האָט נאָך לאַנג גערעדט. זיין קאָל האָט זיך פּלוצלונג איבערגעבראָכן.

— אָבער ניט געזאָרגט, בעני. ס׳וועט אַמאָל נאָך ווערן אַנדערש. ס׳מוז דאָך ווערן אַנדערש. קאָן דען אייביק אַזוי זיין?

אין זיינע אויגן איז געווען אַ שטאָלענער ווילן. די שטים איז געווען שטאָלץ און שטאַרק. אַזוי ווי ער וואָלט איצטער ריידן צו טויזענטער.

עס איז געוואָרן נאַכט. דיזעלביקע שיינקייט ווי שטענ־דיק, האָט זיך אַ גאָס געטאָן איבער דעם גאַנצן אַרום.

בעני איז ווידער אַמאָל געשטאַנען אַ פאַרגאַפטער און מיט זיין בליק האָט ער אַרומגענומען די הויכע קאָנטורן פון די ווייטסטע געביידעס, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן אין געוועב פון דער נאַכט. און פון דער פאַרנעפּלטקייט, האָט ער געזען אַרויפשטייגן געשטאַלטן. דיזעלבע געשטאַלטן וואָס ער האָט שוין איינמאָל געזען. אָבער איצט זיינען זיי ניט געווען אַזוי נעבאַכדיק פאַראָרימט. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז זיי גייען מיט אויפגעהויבענע קעפּ. זיי קומען נעענטער, און

מיט יעדן טראָט הייבן זיי העכער די אָרימס. אין די אויגן פלאַמט אַ צאָרן. זיי זיינען דרייסט און מוטיק.

— זיידע, זע, אָט דאָרטן! גיב אַ קוק, דזשים!

די אַלטע לייט האָבן ניט פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט.

— איר זעט ניט? איך זע! איך הער זיי ריידן.

ער האָט פאַרמאַכט די אויגן. און איצט האָט ער געזען דייטלאַך און קלאָר.

עס גייען גאַנצענע מאַכנעס. פאָרויס איינער. אַף אים האָבן זיי געוואַרט. איז ער געקומען. ער רעדט אַרויס אַ וואָרט, און אַלע פאַרשטייען אים. ער האָט אַ שטאַרקן ווילן. ער דונערט מיט אַ האַרבן קאָל. די אויסרופן דערגרייכן ביז אַהער. אַלע כאַפּן אויף די ווערטער. ווי אַ דערלייזונג איז עס געקומען איבער אַלע. האָבן זיי זיך פאַרזאַמעלט אין גרויסע מאַכנעס און טראָגן עס מיט, מיט זיך.

און מיטאַמאָל דאַכט זיך אים, אַז ער האָט גאָר דאָס אַלץ געטאָן. ער האָט זיי צונויפגערופן. ער אַליין איז דער, וואָס גייט פאָרויס. דזשים שטייט אין דער זייט און זאָגט אים אונטער.

דערזעלבער דזשים קוקט אַף אים. ער מאָנט עפּעס און פרעגט:

— בעני, ווילסט נאָך אַלץ ווערן רייך? ווילסט נאָך אַלץ דורך דיין שטיק אייזן עפּעס דערגרייכן? בעני, בעני, וואָס וועט איצטער זיין?

אַ לאַנגע פּויזע.

דער זיידע האָט אים אָנגענומען פאַר׳ן האַנט:

— וואָס שטייסטו אַזוי פאַרטראַכט, הא? קום אַהיים.

דזשים האָט זיך אַ ריר געטאָן פון אָרט:

— אַ גוטע נאַכט. קום אַמאָל זען דיין אַלטן פריינט. און אַ גוטע נאַכט דיר, אַלטער מאַן.

ער האָטביידן דערלאַנגט די האַנט.

בעני האָט אים נאָכגעקוקט. זיינע רייד האָבן נאָכגע־קלונגען ווי נאָענטע עכאָס. האָבן זיי זיך אויך אויפגעהויבן פון אָרט. מיט פאַמעלאַכע טריט זיינען זיי אַוועקגעגאַנגען.

גלייך אַנטקעגן, האָבן די ליכטער זיך געלאָשן און גע־צונדן, די רויט־געלע שיינען האָבן געציטערט אין דער לופט. די ווייטע, הויכע מויערן זיינען געשטאַנען ווי פאַרוואונדערט און אַריבערגעקוקט.

די זומער־נאַכט האָט געקילט דעם גליענדיקן טאָג. און אונטן, צופוסענס פון דער בריק, האָבן גערוישט די גאַסן.

ענדע פון ערשטן טייל.

# פארטייטשונג פון ענגלישע ווערטער

על — אָפּגעקירצט פון עליוויטאָר: אונטערערדישע באַן.

טשונגאַם — אזא מין צוקערל וואָס מ'קייט.

פּאַדי — סימכע.

וואָלוואָרט בילדינג — זייער א הויכע געביידע פון א קאָמפּאניע.

אייז־קרים — געפרוירענס.

ווערסט — מאַריוו־זייט.

אפּאַרטמענט־הויז — גרויסע הייזער וואו עס וואוינען אסאַך מישפּאָכעס.

סטיישאַן — סטאַנציע.

עלעקטריק טשער — אַזאַ שטול אַף וועלכע מ'פאַרברענט פאַראורטיילטע צום טויט.

אָל־ראַיט — גוט אַזוי.

באָמס — העפקער־יונגען; שלעפּער.

קידנעפּן — אָוועקרויבן מענטשן.

זו — זאָאָלאָגישער גאָרטן.

קענדי — צוקערלאך.

סוועטער — אַ וואַרים לייבל.

אַסעמבלי זאַל — א גרויסער צימער.

דזשיזוס — יעזוס.

אַטאַ באָי — אָט דאָס איז א יונג!

רעפערי — דער וואָס אנטשיידעט ביי א שפּיל ווער ס'האָט געוואונען.

העלאָו — א באַגריסונג אַזא.

פּרינציפּאַל — א פאַרוואַלטער.

לאָיער — אַדוואָקאַט.

טראַ־לאַ־לאַ — אביסל צעדרייט.

סענדוויטש — צוויי שטיקלאך ברויט אונדערמיט פלייש, קעז, א. ד. גל.

קאפ — אַ צונאָמען פאַר אַ פּאָליציימאַן.
דזשי, דזשי — אַזאַ אויסרוף.
וואפ — אַ צונאָמען פאַר איטאַליענער.
מאַרבלס — קליינע גלעזערנע קוילן צום שפּילן.
סוויטהאַרט — געליבטע.
ניקל — פינף סענט.
דאַים — צען סענט.
אָ, באָי — אַן אויסרוף.
ראַיד — פאָרן.
טראָק — שווערער לאַסט־אָטאָמאָביל.
קאַר — טראַמוואַי
גוד באַי — אַ גוטן ! — געזעגענונגס־וואָרט.
סאָ לאָנג — אויך אַ געזעגענונגס־וואָרט.
בייבי — קינד.
הי איז קו קו — ער איז ניט באַם זינען.